ביכערפערלאג „צוקונפט"

קארל מארקס.

# לוינאַרבייט און קאַפּיטאַל

מיט דער פארעדע פון פריעדריך ענגעלס.



איבערזעצט פון דייטש דורך ז. מעלצער.

ווילנא
דרוק פון י. פיראזשניקאוו.
1905

# פֿאָררעדע.

די פֿאָלגענדע ווערק איז געווען פֿון אָנהויב געדרוקט אַלס אַ גאַנצער צייל פֿון לייטאַרטיקלען אין דער דײַטשער „נייע רהיינישע צייטונג" פֿון דעם 4 אַפּריל 1849 יאָהר. דער יסוד פֿון די אַרטיקלען בעשטעהט פֿון די רעפֿעראַטען, וועלכע מאַרקס האָט געהאַלטען אין 1847 יאָהר פֿאַר'ן ברוסעלער דײַטשען אַרבייטער פֿעראיין. איבערגעדרוקט איז פֿון איהר געוואָרען נאָר אַ טהייל; דעם אויפֿשריפֿט אין № 26: „פֿאָרזעטצונג קומט", איז ניט געוועזן בעשערט מקוים צו ווערען צוליעב די געשעהעניסען, וואָס זיינען פֿאָרגעקומען שטורמיש אײנע נאָך די אַנדערע: דאָס פֿערנעהמען אונגאַרן פֿון די רוסען, דער אויפֿשטאַנד אין דרעזדען, איזערלאָן, עלבערפֿעלד, פּפֿאַלץ און באַדען, וועלכע האָבען מיטגעבראַכט די דערשטיקונג פֿון דיזער צייטונג. דער כתב־יד פֿון פֿאָרזעטצונג האָט זיך ניט געפֿונען אין מאַרקס'ס ליטעראַרישע ירושה.

„לוינאַרבייט און קאַפּיטאַל" איז געווען אַרויסגעגעבען אַלס אַ בעזונדערער אָפּדרוק אַ סך מאָהל, צום לעצטען מאָהל אין *1884* יאָהר. די אַלע אויפֿלאַגען זיינען געווען געדרוקט פּינקטליך נאָך'ן אָריגינאַל. די יעצטיגע אויסגאַבע איז אָבער געווען בעשטימט צו פֿערשפּרייטען אין *10000* עקזעמפּלאַרען צוליעב ציעלען פֿון פּראָפּאַגאַנדאַ, און דאַן האָט זיך געמוזט שטעלען פֿאַר מיר די פֿראַגע, צו מאַרקס אַליין וואָלט מסכים געוועזן אַרויסצוגעבען דיעזעס ווערק אין זיין אונפֿערענדערטער פֿאָרם.

אין די פֿירציגער יאָהרען האָט מאַרקס נאָך ניט געענדיגט זיין קריטיק פֿון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע. דאָס איז געשעהען ערשט אין דער ענדע פֿון די פֿינפֿציגסטע יאָהרען. צוליעב דעם אונטערשיידען זיך די ווערק, וואָס זיינען אַרויסגעגאַנגען פֿאַר די ערשטע העפֿט פֿון זיין בוך: „צור קריטיק פֿון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע" אין אײניגע פּונקטען פֿון די אַרטיקלען, וואָס זיינען ערשיענען שפּעטער, נאָך דעם *1859* יאָהר. אין זיי געפֿינען זיך אײניגע געדאַנקען און אויסדריקען, וועלכע קומען אויס אין פֿערגלייך מיט די שפּעטערדיגע שריפֿטען פֿיר ניט ריכטיג. דאָך פֿערשטעהט זיך, אַז אַן אויסגאַבע פֿיר אַ געוועהנליכע פּובליקע, מוזען זיך דיעזע בעגריפֿען אויך אָפּשײנען, ווייל זיי האָבען פֿערנומען אַן אָרט אין דער גייסטיגער ענטוויקלונג פֿון דעם פֿערפֿאַסער. עס וואָלט מיר גאָר ניט איינגעפֿאַלען אין געדאַנקען, איבערצומאַכען דאָרט אַפֿילו איין וואָרט.

עס איז אָבער גאָר אַן אַנדער זאַך, ווען דיזע אויסגאַבע איז

בעשטימט כמעט דורך אויס פיר פראפאגאנדע צווישען די ארבייטער. דאן וואלט מארקס גופא געווים צוגעפאסט זיינע אלטע מיינונגען פון 49-טען יאהר צו די נייערע. און איך בין זיכער, אז איך טהו אין מארקס גייסט, ווען איך האב זיך גענומען צו מאכען איינינע ענדערונגען און הוספות, כדי צו דערגרייכען דיזען צוועק. איך זאג דעריבער דעם לעזער פאראויס: די בראשור איז ניט ווי מארקס האט איהר געשריבען אין 49-סטען יאהר, נאר אנערך אזוי ווי ער וואלט איהר געשריבען אין 91-סטען יאהר. אויסער דעם, איז דער עכטער טעקסט פערשפרייט אין אזא גרויסען צאהל עקזעמפלארען, אז דאס קלעקט, ביז וואנען איך וועל איהם שפעטער ארויסגעבען אהן פערענדערונגען.

מיינע אלע ענדערונגען ריהרען אן איין פונקט: נאך דעם אריגינאל פערקויפט דער ארבייטער פיר שכירות זיין ארבייט דעם קאפיטאליסט; נאך דעם יעצטיגען טעקסט פערקויפט ער ניט זיין ארבייט, נאר זיין ארבייטסקראפט. און דאס מוז איך ערקלעהרען. איך מוז דאס ערקלעהרען די ארבייטער, כדי זיי זאלען זעהען, אז דאס איז ניט נאר א פלפול וועגען ווערטער, נאר איינער פון די וויכטיגסטע פונקטען פון דער פאליטישער עקאנאמיע; איך מוז דאס ערקלעהרען אויך די בורזשוא, כדי זיי זאלען זיך קענען איבערצייגען, אויף וויפיעל די אונגעבילדעטע ארבייטער, וועלכע מען קען לייכט געבען צו פערשטעהן די שווערסטע עדמער פון דער עקאנאמישער לעהרע, האבען א בעסערע השגה אין די פראגע פיר זיי, וועלכע האלטען אזוי פערדיסען דעם גאז וואס אזוינע פראגען בלייבען פיר זיי א רעטעניש אויף זייער גאנצען לעבען.

די קלאססישע פאליטישע עקאנאמיע האט איבערגענומען פון די פראקטיקע פון דער אינדוסטריע די געוועהנליכע פארשטעלונגען פון פאבריקאנט, האט ער קויפט און בעצאהלט די ארבייט פון דעם ארבייטער. אזא פארשטעלונג איז געוועזען גאנץ גענוג פיר דעם געשעפט, פיר די בוכפיהרונג און אויסרעכנונג פון די פרייזען. אבער ווען דיזע פארשטעלונג ווערט נאאיוו איבערגעטראגען אין פאליטישע עקאנאמיע, מאכט זי אן א סך טעות'ן.

די עקאנאמישע לעהרע שטעלט פעסט, אז די מקחים פון אלע סחורות, אונטער דעם אויך פון די סחורה, וועלכע זי רופט זיך אן „ארבייט", בייטען זיך שטענדיג. זיי שטייגען און פאלען צוליעב פערשיעדענע אומשטענדען, וואס שטעהען ניט אם מעהרסטען טייל אין קיין צוזאמענהאנג מיט דעם בעשאפען פון דער סחורה, אזוי אז עס דוכט זיך אויס, אז געוועהנליך ווערט דער פרייז בעשטימט דורך דעם ריינעם צופאל. ווי נאר די פאליטישע עקאנאמיע איז בעווארען א וויסענשאפט, איז איינע פון איהרע ערשטע אויפגאבען געוועזען צו ערפארשען דעם געזעץ, וואס בעהאלט זיך שטענדיג

הינטער דיזען צופאַל, וועלכער ווי עס דוכט זיך, בעשטימט די
פרייזען פון די סחורות. צווישען דיזע פרייזען, וואָס שוואַנקען
נאָכאַנאַנד אַראָפּ און אַרויף, האָט זי געזוכט אַ פעסטען מיטעל-
פונקט, אַרום וועלכען דיזער שוואַנקען קומט פאָר. בקיצור, אָנ-
הויבענדיג פון די מקחים, האָט זי געזוכט דעם ווערטה פון דיא
סחורות, אַלס זייער רעגולירענדער געזעץ, נאָך וועלכען עס ער-
קלעהרען זיך אַלע שאָקלונגען פון די מקחים, וואָס קעהרען זיך
סוף כל סוף ווידער אום צו זייער ווערטה. די קלאַסישע עקאָנאָמיע
האָט איינגעפונען דאָס דער ווערטה פון יעדער סחורה ווערט בעש-
טימט דורך די אַרבייט, וואָס ליעגט אין איהר, וואָס איז נויטיג
כדי איהר צו שאַפען. מיט אַזאַ ערקלעהרונג פלעגט זי זיך בענוגענען.
מיר קענען אויך אויף אַווײלע זיך אָפּשטעלען ביי דעם ·
נאָר כדי אוים צוּמיידען מיספערשטענדניסען, וויל איך דערמאָה-
נען אָן דעם, אַז אַזאַ ערקלעהרונג איז ביי היינטיגען טאָג געוואָרען
ניט גענוג. מאַרקס האָט מיט'ן גרונד אונטערזוכט די אייגענשאַפט
פון דער ארבייט, וואָס בעשאַפט דעם ווערטה, און האָט אַיינגע-
פונען, אַז ניט יעדער אַרבייט, וואָס איז ווירקליך נויטיג אָדער
וועלכע דוכט זיך אוים פיר נויטיג פיר די אויסאַרבייטונג פון דער
סחורה, גיט צו דיזער סחורה ביי אַלע בעדינגונגען דעם ווערטה
וועלכער דאַרף זיין נאָך די אויסגענוצטע אַרבייט. ווען מיר זאָגען
קורץ צוזאַמען מיט אַזעלכע עקאָנאָמיסטען, ווי ריקאַרדאָ, אַז דער
ווערטה פון די סהורה ווערט בעשטימט דורך די אַרבייט, וועלכע
איז נויטיג פיר איהר אויסאַרבייטונג, גיבען מיר דערביי שטענדיג
צו די אַנמערקונגען, וועלכע מאַרקס האָט דערצו געמאַכט. איוף
דערווייל וועט דאָס גענוג זיין. דאָס איבריגע וועלען מיר געפינען
ביי מאַרקס'ן אין זיין בוך „צו דער קריטיקע פון פאָליטישער עקאָ-
נאָמיע", פון 1859 יאָהר און אין דעם ערשטען באַנד פון „קאַפּי-
טאַל".
וויבאַלד אָבער די עקאָנאָמיכטען האָבען דורך דעם זעלבי-
גען געזעץ געוואָלט ערקלעהרען דעם ווערטה פון די סחורה „אַר-
בייט", פלעגען זיי אַריינפאַלען פון איין ווידערשפרוך אין דעם אַנ-
דערען. ווי ווערט בעשטימט דער ווערטה פון דער אַרבייט? דורך
די נויטווענדיגע אַרבייט. וואָס ענטהאַלט זיך אין איהר. וויפיעל
אַרבייט אָבער ענטהאַלט אין זיך די טאָגיגע, מאָנאַטליכע אָדער יאָהריגע
אַרבייט פון דעם אַרבייטער? אין איהר ענטהאַלט זיך די טאָגיגע,
מאָנאַטליכע אָדער יאָהריגע אַרבייט. אויב די אַרבייט איז אַ מאָס
פיר אַלע ווערטהען, קענען מיר דעם „ווערטה פון דער אַרבייט"
גופא אויסדריקען נור אין אַרבייט. מיר וועלען אָבער לחלוטין קיין
בעגריעף ניט בעקומען וועגען דעם ווערטה פון אַ שעה אַרבייט,
אויב מען וועט אונז זאָגען מעהר ניט, אַז דער ווערטה פון אַ
שעה אַרבייט איז אַ שעה אַרבייט. דאָס דערנעהערט אונז ניט איוף

אַ האָר צום ציעל. מיר ד'רעהען זיך אַרום ווי אין אַ פער'כשופ'טען קרייז.

די קלאַססישע עקאָנאָמיע האָט דאַן אויסגעפרובט אַנ'אַנדער גאַנג. זי האָט אַזוי געזאָגט: דער ווערטה פון דער סחורה איז דאָס, וואָס עס קאָסט איהר אויסאַרבייטונג. אָבער וויפיעל קאָסט די אויסאַרבייטונג, די בעשאַפונג פון דער אַרבייט? כדי צו געבען אַנ'ענטפער אויף דיזע פראַגע, האָבען די עקאָנאָמיסטען געמוזט ביקומען די לאָגיקע אַביסעל מיט געוואַלד. אַנשטאָט די אויסאַרבייטונגס-קאָסטען פון דער אַרבייט גופא, וועלכע מען קען לײדער ניט אויסדריקען דורך אַנ'אַנדער ווערטה, האָבען זיי אויסגעפאָרשט, וואָס איז אַזוינס די אויסאַרבייטונגס=קאָסטען פון דעם אַרבייטער. און דאָס קען מען יע אויסדריקען דורך אַנדערע ווערטהען. זיי בייטען זיך נאָך דער צייט און נאָך פערשיעדענע אַנדערע תנאים, אָבער ביי אַ געוויסען צישטאַנד פון דער געזעלשאַפט, אין אַ געוויסען אָרט, אין אַ געוויסער בראַנזשע פון פראָדוקציאָן, קען מען זיי דאָך בעשטימען, אַם וועניגסטען אין גאַנץ שמאָלע גרענצען. מיר לעבען איצטער אונטער דער ממשלה פון דער קאַפיטאַליסטישער פראָדוקציאָן, וואו אַ גרויסער, אַלץ וואַקסענדער קלאַסס פון דער בעפעלקערונג קען נאָר דאַן אונטערהאַלטען זיין קיום, ווען זיי אַרבייטען פיר שכירות אויף די בעלי=הבתים פון די פראָדוקציאָנס=מיטלען: פון די געצייג, מאַשינען, רויהע מאַטעריאַלען און לעבענסמיטלען. די אויסאַרבייטונגס=קאָסטען פון אַרבייטער בעשטעהען ביי דיזעם פראָדוקציאָנסאַרט אין דעם סך הכל פון לעבענסמיטלען, אָדער אין די סוממע געלד, פיר וועלכע מען קען קריגען די לעבענסמיטלען, וועלכע דער אַרבייטער דאַרף אין דורכשניט האָבען כדי צו האָבען די מעגליכקייט צו אַרבייטען, צו דערהאַלטען אין זיך די אַרבייטסקרעפטען און צו פערבייטען איהם מיט איין אַנדער אַרבייטער, ווען ער וועט צוליעב אַלטקייט, שוואַכקייט אָדער צוליעב טוידט פערלאָזען די פראָדוקציאָן. מיט איין וואָרט, די אויסבייטונגס=קאָסטען פון דעם אַרבייטער בעשטעהען אין דעם סך=הכל לעבענס מיטלען, וועלכע זיינען נויטיג, כדי איינצוהאַלטען אין דעם אַרבייטערקלאַס די געהעריגע אַרבייטסקראַפטען. לאָמיר רעכענען, אַז דער געלד-מקח פון דעם לעבענסמיטעל בעשטעהט דורכשניט פון 3 מאַרק אַ טאָג.

אונזער אַרבייטער בעקומט אַלזאָ פון דעם קאַפיטאַליסט, וועלכער גיט איהם אַרבייט, שכירות 3 מאַרק אַ טאָג. דערפאַר מוז ער אַרבייטען פיר דעם קאַפיטאַליסט 12 שעה אַ **טאָג**, למשל. און דער קאַפיטאַליסט מאַכט טאַקע אַזאַ חשבון:

אונזער אַרבייטער, אַ מעכאַנישער שלאָסער—דאַרף אויסאַרבייטען אַ טהייל פון אַ מאַשין, וואָס דאַרף ביי איהם דויערן אַ טאָג. די רויהע מאַטעריאַל, מעש און אייזען, וואָס דאַרף אַוועק-

געהן, קאָסט צוואַנציג מאַרק. קוילען אויף'ן דאַמפּפֿמאַשין און איהר אָפּ-יצינג, ווי איך די אָפּניצינג פֿון דעם דרעהבאַנק און פֿון די איבריגע געצייג, מאַכט אויס אויף דעם חשבון פֿון דעם איינצעלנעם אַרבייטער איין מאַרק אַ טאָג. זיינע שכירות רעכענען מיר 3 מאַרק אַ טאָג. בס"ה וועט אונזער מאַשינענטהייל אויסמאַכען 24 מאַרק; דער קאַפּיטאַליסט אָבער רעכענט אויס, אַז ער וועט דערפֿאַר בעקומען פֿון זיינע קונדען דורכשניטליך 27 מאַרק, מיט 3 מאַרק מעהר בכן, וויפֿיעל דאָס קאָסט איהם.

פֿון וואַנען נעהמט זיך די 3 מאַרק, וועלכע דער קאַפּיטאַליסט האָט אַראָפּגעלאָזען צו זיך? נאָך דעם מיינונג פֿון די קלאַססישע עקאָנאָמיסטען ווערען די סחורות דורכשניטליך פֿערקויפֿט נאָך זייער ווערטה, ד. ה. נאָך אַזוינע מקחים, וואָס זיינען גלייך דער נויטוועגדיגער אַרבייט, וועלכע שטעקט אין די סחורה. דער דורכשניטליכער פּרייז פֿון דעם מאַשינענטהייל, די 27 מאַרק, איז אַלזאָ אויך זיין ווערטה, לויט די אַרבייט, וואָס אויף איהם איז אַוועקגעלעגט. אָבער פֿון די 27 מאַרק זיינען אויף 21 מאַרק געוויזען אַזוינע ווערטהען, וועלכע זיינען נאָך געווען פֿריהער, איידער אונזער מעכאַניקער האָט אָנגעהויבען צו אַרבייטען. 20 מאַרק קאָסטען דער מאַטעריאַל, 1 מאַרק—די קויהלען, וואָס מען האָט פֿערברענט ביי דער אַרבייט און די אָפּניצונג פֿון די אינסטרומענטען. בלייבען אַלזאָ 6 מאַרק, וואָס זיינען צוגעקומען צו דעם ווערטה פֿון דעם רויהען מאַטעריאַל. אָבער די 6 מאַרק קענען נאָר אַרויסקומען פֿון דעם ווערטה, וואָס אונזער אַרבייטער האָט צוגעגעבען צום רויהען מאַטעריאַל, ווי עס זאָגען אונזערע קלאַססישע עקאָנאָמיקער גופֿא. זיין 12 שעה'דיגע אַרבייט האָט בעשאַפֿען אַ נייעם ווערטה פֿון 6 מאַרק, דער ווערטה פֿון זיין 12-שעהעדיגע אַרבייט איז בכן 6 מאַרק. און אַזוי האָבען מיר לסוף כלומרשט געפֿונען, וואָס איז דאָס „דער ווערטה פֿון דער אַרבייט".

„וואַרט!" שרייט דאָ אויס אונזער מעכאַניקער, „6 מאַרק? איך האָב מעהר ניט בעקומען, ווי 3 מאַרק. דער קאַפּיטאַליסט שווערט שטיין און ביין, אַז דער ווערטה פֿון מיין 12-שעהדיגע אַרבייט איז נור 3 מאַרק און אַז איך פֿערלאַנג פֿון איהם 6 מאַרק, לאַכט ער מיר אויס. ווי אַזוי שטימען דאָס די ביידע זאַכען? אויב מיר זיינען פֿריהער מיט אונזער ווערטה פֿון דער אַרבייט פֿערקראָכען אין אַ פּלאָנטערניס, וואָס עס איז ניט געווען אַרויס צוקריכען, שטעהען מיר איצטער אין אַ ווידערשפּרוך, וואָס עס איז שווער צו לייזען. מיר האָבען געזוכט דעם ווערטה פֿון דער אַרבייט און האָבען געפֿונען מעהר, וויפֿיל מיר האָבען געדאַרפֿט. פֿיר דעם אַרבייטער איז דער ווערטה פֿון אַ 12-שעה'דיגע אַרבייט 3 מאַרק, פֿיר דעם קאַפּיטאַליסט 6 מאַרק, פֿון וועלכע 3 מאַרק

בּעצאָהלט ער שכירות דעם אַרבייטער אין 3 מאַרק לאָזט ער אַראָפּ צו זיך אין קעשענע. אַלזאָ האָט די אַרבייט 2 ווערטהען אין דערצו נאָך זעהר פֿערשיעדענע!

דער ווידערשפּרוך וועט אויסקומען נאָך משונה'דיגער ווען מיר וועלען אויסדריקען די ווערטהען ניט אין געלד, נאָר אין אַרבייטס צייט. מיט דער 12-שעה'דיגער אַרבייט ווערט בעשאַפֿען אַ נייער ווערטה פֿון 6 מאַרק, אין 6 שעה אַרבייט בכן 3 מאַרק, דאָס, וואָס דער אַרבייטער בעקומט פֿיר 12 שעה. פֿיר 12-שעה'דיגע אַרבייט ערהאַלט דער אַרבייטער אַ פּראָדוקט פֿון 6 שעה אַרבייט, וואָס פֿעררעכענט זיך איהם פֿיר אַ גלייכען ווערטה. אָדער די אַרבייט האָט 2 ווערטהען, פֿון וועלכע איינע איז 2 מאָהל גרעסער פֿון דעם אַנדערען, אָדער 12 איז די זעלבע זאַך, וויאָ 6! אַזוי צו אַזוי בעקומט זיך פּשוט אַ שטות.

מיר מעגען זיך קעהרען אויף אַלע זייטען, נאָר מיר וועלען ניט אַרויסגעהן פֿון דעם ווידערשפּרוך, כל זמן מיר רעדען וועגען קויפֿען און פֿערקויפֿען די אַרבייט און וועגען דעם ווערטה פֿון דער אַרבייט. אַזוי האָט פּאַסירט אויך מיט די עקאָנאָמיסטען. דער לעצטער שפּראָצלינג פֿון דער קלאַססישער עקאָנאָמיע, (די שול פֿון ריקאַרדא), האָט געמוזט אונטערגעהן צוליעב אָט די אונערקלעהרליכע סתירה. די קלאַססישע עקאָנאָמיע איז פֿערקראָכען אין אַ שמאָלען זאַוואַלאָק, דער מענש, וואָס האָט געעפֿענט אַ וועג פֿון דעם זאַוואַלאָק איז געוועזען קאַרל מאַרקס.

דאָס וואָס די עקאָנאָמיסטען האָבען אָנגענומען פֿיר די אויסאַרבייטונקסקאָסטען פֿון „דער אַרבייט", איז געוועזען די אויסאַרבייטינגסקאָסטען ניט פֿון דער אַרבייט, נאָר פֿון דעם לעבעדיגען אַרבייטער גופא. און דאָס, וואָס דער אַרבייטער האָט פֿערקויפֿט דעם קאַפּיטאַליסט, איז דאָס ניט געוועזען זיין אַרבייט. „ווי נאָר די אַרבייט הויבט זיך ווירקליך אָן, זאָגט מאַרקס, געהערט זי שוין איהם ניט און קען בכן ניט פֿערקויפֿט ווערען פֿון איהם". ער קען אַלזאָ העכסטענס פֿערקויפֿען זיין צוקינפֿטיגע אַרבייט, ד. ה. נעהמען אויף זיך די התחיבות אויסצופֿיהרען אַ בעשטימטע אַרבייט צו אַ בעשטימטע צייט. דערמיט אָבער פֿערקויפֿט ער אָבער ניט זיין אַרבייט (זי דאַרף דאָך ערשט פֿאָרקומען), נאָר ער גיט אָפּ דעם קאַפּיטאַליסט אין זיין רשות אויף אַ בעשטימטע צייט (ביי וואָכאַרבייט) אָדער אויף דורכצופֿיהרען אַ געוויסען ציעל (ביי שטיקאַרבייט) זיין אַרבייטסקראַפֿט פֿיר אַ געוויסען לוין. ער פֿערדינגט אָדער ער פֿערקויפֿט זיין אַרבייטסקראַפֿט. דיזע אַרבייטסקראַפֿט איז אָבער צונויפֿגעוואַקסען מיט זיין פּערזאָן און מען קען זיי איינע פֿון די אַנדערע ניט אָפּטהיילען. די אויסאַרבייטונגסקאָסטען פֿון דער אַרבייטסקראַפֿט זיינען דעריבער די זעלבע, וואָס די אויסאַרבייטינגסקאָסטען פֿון איהם גופא. דאָס, וואָס די עקאָנאָ-

מיסטען רופֿען אָן אויסאַרבייטונגסקאָסטען פֿון דער אַרבייט איז דאָס די זעלבע זאַך, ווי די אויסאַרבייטונגסקאָסטען פֿון דעם אַרבייטער און צו גלייכער צייט אויך פֿון דער אַרבייטסקראַפֿט. יעצט קענען מיר פֿון די אויסאַרבייטונגסקאָסטען פֿון דער אַרבייטסקראַפֿט אַריבערגעהן צו דעם וו ע ר ט ה פֿון דער אַרבייטסקראַפֿט; מיר קענען אויך בעשטימען, וויפֿיעל געזעלשאַפֿטליך-נויטווענדיגע אַרבייט מען דאַרף האָבען, כדי אויסצובילדען אַנ'אַרבייטסקראַפֿט פֿון אַ געוויסער מעלה. און דאָס האָט מאַרקס געטהאָן אין דעם טהייל וועגען קויפֿען און פֿערקויפֿען די אַרבייטסקראַפֿט (קאַפּיטאַל„ ערשטער באַנד, קאַפּיטעל 4).

וואָס קומט פֿאָר נאָכדעם, ווי דער אַרבייטער האָט פֿערקויפֿט דעם קאַפּיטאַליסט זיין אַרבייטסקראַפֿט, ד. ה. נאָכדעם ווי ער האָט איהר אָפּגעגעבען אין זיין רשות פֿיר אַ פֿריהער בעדווּנגענעם לוין? דער קאַפּיטאַליסט פֿיהרט דעם אַ"ר צו זיך אין מאַסטערסקאַיע אָדער אין פֿאַבריק, וואו עס איז דאָ אַלע זאַכען, וואָס פֿאָדערען זיך צו דער אַרבייט, רויהע מאַטעריאַל, הילפֿסמאַטעריאַל (קויהל ן א. ז. וו.), געצייג, מאַשינען. דאָ הייבט דער אַרבייטער אָן צו האָרעווען. זיין טאָג שכירות איז 3 מאַרק, דערביי איז קיין חילוק ניט, צי פֿערדיענט ער פֿין וואָך-שכירות, צו פֿון שטיק. מיר רעכענען איצטער אויך, אז דער אַרבייטער גיט צו אין 12 שעה אַרבייט צו די פֿערברויכטע רויהע מאַטעריאל א נייעם ווערטה פֿון 6 מאַרק, וועלכע דער קאַפּיטאַליסט נעהמט אַרויס ביים פֿערקויפֿען די סחורה. דערפֿון צאָהלט ער אַרויס דעם אַרבייטער 3 מאַרק, די איבריגע דריי מאַרק לאָזט ער פֿיר זיך. ווען אָבער דער אַרבייטער שאַפֿט אין 12 שעה דעם ווערטה פֿון 6 מאַרק, דאַן שאַפֿט ער אין 6 שעה דעם ווערטה פֿון 3 מאַרק. ווען ער האָט אָפּגעאַרבייט 6 שעה, האָט ער אויסגעגלייכט די אַרבייטסלוין, וואָס ער האָט בעקומען פֿון דעם קאַפּיטאַליסט. נאָך אַ 6 שעה'דיגער אַרבייט זיינען זיי ביידע קוויט, קיינער איז דעם אַנדערען ניט שולדיג אַ גראָשען.

„שטעה! שרייט איצטער דער קאַפּיטאַליסט. איך האָב געדונגען דעם אַרבייטער אויף אַ גאַנצען טאָג, אויף 12 שעה, 6 שעה איז אָבער נאָר אַ האַלבער טאָג. בכן, האָרעוועט ווייטער בסדר, ביז וואַנען די אַנדערע 6 שעה וועלען אויך פֿערבייגעהן, דאַן ערשט וועלען מיר זיין קוויט“. און דער אַרבייטער מוז ווירקליך ערפֿילען זיין קאָנטראַקט, וועלכען ער האָט כלומרשט „פֿרייוויליג“ געשלאָסען, נאָך וועלכען ער איז זיך מתחיב צו אַרבייטען גאַנצע 12 שעה פֿיר איין אַרבייטספּראָדוקט, וואָס עס קאָסט 6 אַרבייטס-שעה.

ביי שטיק-אַרבייט איז אויך פּונקט אַזוי. לאָמיר רעכענען אַז אונזער אַרבייטער מאַכט אין 12 שעה 12 שטיקלעך סחורה.

יעדערע קאָסט מיט די מאַטעריאַל און מיט די מאַשין-אָפּניצונג 2 מאַרק און ווערט פֿערקויפֿט צו 2 ½ מאַרק. דער קאַפּיטאַליסט וועט געבען דעם אַרבייטער 25 פּפֿעניג פֿון שטיק; פֿון 12 שטיק וועט ער האָבען 3 מאַרק, אויף וועלכע ער דאַרף האָרעווען 12 שעה כדי דאָס צו פֿערדינען. דער קאַפּיטאַליסט בעקומט פֿיר די 12 שטיק 30 מאַרק, פֿיר רויהע מאַטעריאַל און אָפּניצינגס-געלד געהט אראָפּ 24 מאַרק, בלייבט 6 מאַרק, פֿון וועלכע ער צאָהלט אויס 3 מאַרק דעם אַרבייטער און 3 מאַרק נעהמט ער זיך, פּונקט ווי פֿריהער. דאָ אַרבייט אייך דער אַרבייטער 6 שעה פֿיר זיך (אומצוקעהרען זיינע שכירות) און 6 שעה פֿיר דעם קאַפּיטאַליסט.

די שוועריגקייט, אין וועלכע עס פֿלעגען זיך אָנשטויסען די בעסטע עקאָנאָמיסטען כל זמן זיי פֿלעגען רעדען וועגען ווערטה פֿון דער „אַרבייט", ווערט פֿערשוואונדען, וויבאַלד מיר רעדען אַנשטאָט דעם וועגען דעם ווערטה פֿון דער אַרבייטסקראַפֿט. אין דער היינטיגער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט איז די אַרבייטסקראַפֿט אַ סחורה, ווי אַלע אַנדערע סחורות, אָבער דאָך גאָר אַ בעזונדערע סחורה. זי האָט די בעזונדערע אייגענשאַפֿט, וואָס זי איז אַ קראַפֿט וואָס בעשאַפֿט ווערטהען, וואָס זי איז דער מקור פֿון די ווערטהען; און זאָגאַר אַזאַ מקור וואָס שאַפֿט נאָך מעהר ווערטה, וויפֿיעל זי אַליין האָט אין זיך. ביי דעם יעצטיגען צושטאַנד פֿון דער פּראָדוקציאָן שאַפֿט די אַרבייטסקראַפֿט ניט נור אין טאָג אַגרעסערען ווערטה וויפֿיעל זי אַליין קאָסט. מיט יעדער נייער ערפֿינדונג מיט יעדער וויסענשאַפֿטליכער ענטדעקונגען שטייגט דער רעשט פֿון דעם טאָגפּראָדוקט איבער די קאָסטען פֿון טאָג, עס פֿערקירצט זיך דער טהייל פֿון אַרבייטסטאָג, אין וועלכען ער אַרבייט אויס זיין טאָג-לוין, און פֿון צווייטען זייט פֿערלייגערט זיך דער טהייל פֿון אַרבייטסטאָג, אין וועלכען ער מוז שענקען דעם קאַפּיטאַליסט זיין אַרבייט, ניט בעקומענדיג פֿיר איהר קיין געצאָהלט.

און אַזוי איז דער סדר אין דער ווירטהשאַפֿט פֿון אונזער גאַנצער היינטיגער געזעלשאַפֿט: נאָר דער אַרבייטערקלאַסס אַליין שאַפֿט אַלע ווערטהען. ווייל דער „ווערטה" איז נור איין אַנדערן אויסדריק פֿיר אַרבייט, דער אויסדריק, מיט וועלכען מען בעצייכענט אין אונזער היינטיגער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט די געזעלשאַפֿטליך-נויטוועגדיגע אַרבייט, וועלכע ענטהאַלט זיך אין אַ געוויסער סחורה. אָבער די ווערטהען, וואָס די אַרבייטער האָבען בעשאַפֿען, געהערען ניט די אַרבייטער. די ווערטהען געהערען די בעלי-הבתים פֿון די רויהע מאַטעריאַלען, מאַשינען און געצייג און פֿון די געלד, וועלכע ערלויבען דיעזע בעלי-הבתים צו קויפֿען די אַרבייטסקראַפֿט פֿון דעם אַרבייטערקלאַסס.

פֿון די גאַנצע מאַססע פּראָדוקטען, וועלכע דער אַרבייטער-

קלאַסס האָט בעשאַפֿען, בעקומט ער פֿיר זיך נור אַ טייל צוריק. אין ווי מיר האָבען איך געזעהען, ווערט דער אַנדערער טייל, וואָס דער קאַפּיטאַליסטענקלאַסס לאָזט פֿיר זיך און דאַרף זיך נאָך טיילען אפֿשר מיט דעם קלאַסס גוטסבעזיטצער, ווערט ער מיט יעדער נייער ערפֿינדונג גרעסער, אין דער צייט ווען די טייל, וואָס פֿאַלט אויס אויף'ן חלק פֿון אַרבייטערקלאַסס (אין פֿערגלייך מיט די צאָהל פֿון זיינע מיטגליעדער) וואַכסט אָדער זעהר לאַנגזאַם אין ניט בעדייטענד, אָדער זי שטייגט גאָר ניט און ביי געוויסע בעדינגונגען פֿאַלט זי נאָך.

אָבער דיעזע ערפֿינדונגען און ענטדעקונגען, וועלכע דרינגען שנעל איינע נאָך דער אַנדערער, דיזע פֿרוכטבאַרקייט פֿון דער מענשליכער אַרבייט, וואָס שטייגט פֿון טאָג צו טאָג אין אַ אונגעהערטע מאָס, רופֿט אַרויס אַם ענדע אַ קאָנפֿליקט, אין וועלכען עס וועט מוזען אונטערגעהן די היינטיגע קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפֿט. פֿון איין זייט אונגעהויערע רייכטימער און אַ איבערפֿלוס פֿון פּראָדוקטען, איבער וועלכע זייערע בעלי־הבתים קענען שוין ניט געוועלטיגען. פֿון דער אַנדערער זייט די פּראָלעטאַריזירטע גרויסע מאַססען פֿון דער געזעלשאַפֿט, וועלכע ווערען געדונגענע אַרבייטער און וועלכע פֿערלירען אויך דורך דעם די מעגליכקייט אַריינצונעהמען צו זיך דעם איבערפֿלוס פֿון די פּראָ-דוקטען. די צושפּאַלטונג פֿון דער געזעלשאַפֿט אויף אַ קליינעם, ניט דעם ערך נאָך רייכען קלאַסס און אויף אַ גרויסען קלאַסס פֿון לוינאַרבייטער, וואָס האָט קיין אייגענטהום ניט, שאַפֿט דאָס, אַז די געזעלשאַפֿט ווערט דערשטיקט פֿון איהר אייגענע מאַססע ניט אויסגעניצטע פּראָדוקטען, אין דער צייט, ווען די גרעסטע צאָהל פֿון איהרע מיטגליעדער זיינען קוים אָדער בעסער גאָר ניט געשיצט פֿון דער שאַרפֿסטער נויט. אַזאַ צושטאַנד ווערט אַלץ מיט יעדען טאָג אַלץ אונגזינניגער און ניטנויטיגער. ער מוז אָבגעשאַפֿט ווערען. ער קען ווערען אָבגעשאַפֿט. עס איז מעגליך אַזאַ נייע געזעלשאַפֿטליכע אָרדנונג, אין וועלכע עס וועלען ווערען פֿערשוואונדען די קלאַססען-היפוכים. אין איהר וועלען פֿערנאַנדערגעטיילט ווערען — מעגליך, אפֿשר נאָך אַ קורצע, אָבער מאָראַליש זעהר נוצליכע איבערגאַנגספּאָכע — אין אַ גלייכער און אַלץ וואַקסענדער מאָס צווישען אַלע מיטגליעדער פֿון דער געזעלשאַפֿט אויך די לעבענסמיטלען, די מיטלען צו געניסען פֿון לעבען, צו ענטוויקלען און אויסאיבען אַלע קערפּערליכע און גייסטיגע פֿייהיגקייטען. דאָס וועט געשעהען דורך אַ פּלאַנמעסיגע אויסניצונג און ענטוויקלונג פֿון אַלע אונגעהויערע פּראָדוקטיווע קרעפֿטען, וועלכע זיינען שוין יעצט דאָ אין דער געזעלשאַפֿט. און אַז די אַרבייטער טרעטען אַרויס אַלץ מיט אַ גרעסערע ענט-

שלאָסענהייט זיך צו ערקעמפּפֿען דיזע נייע געזעלשאַפֿטליכע אָרדנונג, וועגען דעם וועט זאָגען עדות אין אַלע וועלט-טיילען דער מאָרגענדינגער ערשטער מאַי אין דער זונטאָג פֿון דעם דריטען מאַי.

פריעדריך ענגעלס.

לאנדא, 30 אפריל I8 1 יאהר.

# וואס איז אזוינס ארבייטס-לוין, און דורך וואס ווערט זי בעשטימט?

אויב מען זאָל פרעגען אַ אַרבייטער: „ווי גרויס איז דיין אַרבייטס-לוין?”, וואָלט איינער ענטפערן: „איך בעקום פֿון מיין בורזשויַ 1 מאַרק אַ טאָג”, אַצווייטער וואָלט זאָגען: איך בעקום 2 מאַרק” א. ז. וו. אָבהענגיג פֿון פֿערשידענע אַרבייטס-בראַנזשען (צווייגען) אין וועלכע זיי זיינען בעשעפטיגט, וואָלטען זיי אָנרופֿען פֿערשיידענע סוממען געלד, וועלכע זיי בעקומען פֿון זייערע בורזשויען פאַר די אויספֿיהרונג פֿון אַ געוויססע ארבייט, צ. ב. ש. פֿאָרצוגרייטען, מאַכען אַ אַרשין ליינוואַנד, אָדער אויפנעהען אַ פאָר שטיוועל. ניט קוקענדיג אויף דעם אונטערשייד אין פֿערדינסט וועלען זייערע אנטווארטען שטימען אין איין הינזיכט; די אַרבייטס-לוין דאָס איז די סוממע געלד, וועלכע דער קאַפיטאַליסט בעצאָהלט פֿיר אַ בעשטימטע אַרבייטס-צייט אָדער פֿאַר די אויספֿיהרונג פֿון אַ בעשטימטע אַרבייט.

עס קומט אויס אַזוי ווי דער קאַפיטאַליסט וואָלט קויפֿען פֿיר געלד זייערע אַרבייט, אויך זיי פֿערקויפֿען איהם פֿיר געלד זייער אַרבייט, נאָר דאָס דוכט זיך נאָר אַזוי אויס. אין דער ווירקליכקייט אָבער פֿערקויפֿען זיי דעם קאַפיטאַליסט פֿיר געלד ניט זייער אַרבייט, נאָר זייער אַרבייטס-קראַפֿט. דיזע אַרבייטס-קראַפט קויפֿט דער קאַפיטאַליסט אויף אַ טאָג, אויף אַ וואָך, אויף אַ מאָנאַט, א. ז. וו. און נאָכדעם ווי ער האָט איהר געקויפֿט, געברויכט ער איהר, צווינגענדיג די ארבייטער צו ארבייטען אין פֿערלויף פֿון אַ בעשטימטע צייט פֿיר די זעלבע געלד, וועלכע דער קאַפיטאַליסט האָט בעצאָהלט פֿאַר די אַרבייטס-קראַפֿט, צ. ב. ש. פֿאַר 2 פֿונט צוקער, אָדער וועלכע ס'איז אַנדער סחורה נאָך אַ געוויסען פרייז. די 2 מאַרק, וואָס זיינען בעצאָהלט פֿיר די 2 פונט צוקער דאָס איז זייער פרייז די 2 מאַרק, וואָס דער קאַפיטאַליסט צאָהלט פֿאַר אַ צוועלף שעה'דיגען געברויך פֿון דער אַרבייטס קראַפֿט, איז עס דער פרייז פֿון 12 שעהדיגע אַרבייט. אויף אַזאַ אופֿן איז די אַרבייטס-קראַפֿט די זעלבע סחורה ווי צוקער, נאַר די ערשטע ווערט געמאָסטען אויף שטונדען, די אַנדערע אויף'ן וואָג.

די אַרבייטער בייטען אויס זייער סחורה — די אַרבייטס-

קראַפֿט, אויפ'ן קאַפּיטאַליסט'ס סחורה — דאַס געלד און דער טויש קומט פֿאָר אין אַגעוויסען צוזאַמענהאַנג. אַגעוויסע סוממע געלד ווערט אַיינגעצאָהלט פֿיר דעם געברויך פֿון דער אַרבייטס-קראַפֿט, אין אַפֿערלויף פֿון אַגעוויסע צייט צ. ב. ש. 2 מאַרק פֿאַר 12 שעה אַרבייט פֿון אַוועבער, נאָר צו דען שטעלען מיט זיך ניט פֿאַר די 2 מאַרק די אַלע סחורות, וועלכֿע מען קען פֿאַר זיי קופֿען? אַלזאָ בעֶצֶם האָט דער אַרבייטער אויסגעביטען זיין סחורה, זיין אַרבייטס-קראַפֿט, אויף פֿערשיידענע אַנדערע סחורות, און דערביי אין אַגעוויסען צוזאַמענהאַנג. געבענדיג איהם 2 מאַרק, האַט דער קאַפּיטאַליסט איהם געגעבען פֿאַר אַטאָג פֿין זיין אַרבייט אַזוי פֿיעל אין אַזוי פֿיעל פֿלייש, בגדים, האָלץ א. ז. וו. הייסט עס די 2 מאַרק דריקען אויס די בעציהונגען, אין וועלכע די אַרבייטס-קראַפֿט ווערט אויסגעביטען אויף אַנדערע סחורות, ד. ה. די אויסבייטונגס ווערטה פֿון דער אַרבייטס-קראַפֿט. נאָך דעם ווערטה פֿון וועלכע עס ס'איז סחורה, אויסגעדריקט אין געלד, רופֿט זיך אָן זיין פּרייז. אויף אַזאַ אופֿן, איז די אַרבייטס-לאָהן נאָר אַבעזונדער נאָמען פֿון דעם פּרייז פֿון די אַרבייטס-קראַפֿט, וועלכע רופט זיך געוויינליך דער אַרבייטס-פּרייז. לאָמיר נעמען אַוועלכֿען ס'איז אַרבייטער, צ. ב. ש. אוועבער, דער קאַפּיטאַליסט גיט איהם אַ ווערקטיש און שפּינאַכֿץ, דער וועבער זעצט זיך צו דער אַרבייט, און פֿון די שפּינעכֿץ ווערט ליינוואַנד. דער קאַפּיטאַליסט נעמט זיך צו די ליינוואַנד און פֿערקויפֿט דאָס, דהיינו, פֿיר 20 מאַרק. איז דען דער פֿאַרדינסט פֿון וועבער זיין חלק אין דעם ליינוואַנד, אין די 20 מאַרק, אין דעם פּראָדוקט פֿון זיין אַרבייט? אין קיין פֿאַל ניט. דער וועבער האָט בעקומען זיין געצאָהלט נאָך לאַנג פֿאַר דעם, איידער די ליינוואַנד איז פֿערקויפֿט געוואָרען, פֿילייכֿט, איידער זי איז געוועזן פֿאַרטיג. אַלזאָ, צאָהלט דער קאַפּיטאַליכט אויס די אַרבייטס-לוין ניט פֿון די געלד וועלכע ער וועט אָפּלייזען פֿאַר די לייוואַנד, נאָר פֿון אַנדערע, זאַפּאַסנע. די סחורות, וועלכע דער וועבער בעקומט פֿאַר זיין סחורה — די אַרבייטס-קראַפֿט, זיינען פונקט אַזוי וויניג די פּראָדוקטען פון זיין אַרבייט, ווי דער ווערקטיש און די שפּינעכץ, וועלכֿע דער בורזשואַ שטעלט איהם צו. עס עס איז מעגליך אַז עס האָט זיך גאָר ניט געפֿונען קיין קונה פֿיר דעם בורזשוא'ס לייוואַנד. עס איז אויך מעגליך, אַז פֿערקויפֿענדיג די לייוואַנד האָט ער זיך זאָגאַר ניט אומגעקעהרט די אַיינגעצאָהלטע אַרבייטס-לוין, אָדער, פֿערקעהרט, אַז ער פֿערקויפֿט די לייוואַנד מיט גרויס ריוח. דאָס אַלץ איז גאָר ניט נוגע דעם וועבער. פֿיר אַטהייל פֿון זיין אייגענס, פֿיר אַטהייל פֿון זיין קאַפּיטאַל קויפֿט איין דער קאַפּיטאַליסט דעם וועבערס אַרבייטס-קראַפֿט, אַקוראַט, ווי ער האָט פֿריהער פֿיר אַ אַנדער טייל פֿון קאַפּיטאַל געקויפֿט רויהע מאַטעריאַל—

שפּינעבין, אין אַרבייטס-געציג—אווערקטיש; נאָך די אַלע קניות, צו
ייעלכע עס געהערט אויך די איינשאַפֿונג פֿון די נייטיגע אַרבייטס-
קראַפֿט, אַרבייט ער אויס סחורה מיט דער הילף פֿון זיינע רויהע
מאַטעריאַלען און אַרבייטס-געציג. אין צאָהל פון די לעצטע געהט
אויך אַריין אונזער וועבער, וועלכער בעקומט גאָר ניט פֿון דעם
פּראָדוקט פֿין זיין אַרבייט אָדער פֿון זיין פּרייז, אַזוי ווי עס בעקומט
אייך ניט דער סטאַנאָק.

אַלזאָ, די אַרבייטס-לוין איז ניט דער חלק פֿון אַרבייטער אין דער
סחורה, וועלכע איז דורך איהם בעשאַפֿען. די אַרבייטס-לוין איז אַטהייל
פֿון די שוין עקזיסטירענדע סחורה, פֿיר וועלכע דער קאַפּיטאַליסט קויפֿט
אַ בעשטימטע צאָהל פּראָדוקטיווע אַרבייטס-קראַפֿט.

אַלזאָ, די אַרבייטס-קראַפֿט-דאָס איז אַסחורה וועלכע איהר
איינענטהימער, דער געדונגענער אַרבייטער, פֿאַרקויפֿט דעם קאַפּיטאַל.
צוליעב וואָס זשע פֿאַרקויפֿט ער איהר? כדי ער זאָל קענען עקזיסטירען.

די אַרבייט, אין וועלכע עס ווייזט זיך אַרויס די אַרבייטס-
קראַפֿט, איז, פֿון דעסטוועגען צוזאַמען מיט דעם אויך די לעבענס-
טהעטיגקייט פֿון אַרבייטער. אין דיזע לעבענסטהעטיגקייט פֿערקויפֿט
ער אַ דריטען פערזאָן, כדי צו פֿאַרזיכערען זיך די לעבענס מיטלען.
זיין לעבענסטהעטיגקייט, הייסט עס, דינט נאָר אַלס אַמיטעל, וואָס
גיט איהם די מעגליכקייט צום לעבען. ער אַרבייט, אום צו לעבען,
ער רעכענט זאָגאַר ניט די אַרבייט אַלס אַטהייל פֿון זיין לעבען,
דאָס איז גיכער אַ קרבן, וועלכען ער ברייננט פֿיר דעם לעבען,
אַסחירה, וועלכע ער לאָזט אָפּ אַ דריטען פערזאָן, דעריבער איז
דער פּראָדוקט פֿון זיין טהעטיגקייט ניט דער ציעל פֿון זיין טהע-
טיגקייט. ער מאַכט ניט פֿאַר זיך דעם זיידענס, וועלכען ער וועבט,
די גאָלד, וועלכע ער גראָבט אויס, דעם פּאַלאַץ, וועלכען ער
בויעט, פֿאַר זיך שאַפֿט ער אַרבייטס-לאָהן, און די זיידענס, דאָס
גאָלד און דער פּאַלאַץ ווערען פֿאַר איהם פֿערוואַנדעלט אין אַ בע-
שטימטען צאָהל לעבענס-מיטלען. עס קען גאָר זיין אין אַוואָלענעם
רעקיל, אַקופּערנע מטבע, אין אַוואָהנונג ערגעץ וואו אין אַקעלער.
און פֿאַר דעם אַרבייטער, וועלכער גאַנצע 12 שעה וועבט, שפּינט,
עגבערט, בויעט, גראָבט, טראָגט משאות א. ז. וו. רעכענט זיך
גאָר ניט זיינע 12-שעהדיגע אַרבייט, אַז דאָס איז אַלעבען. פֿאַר-
קעהרט, זיין לעבען הויבט זיך אָן דאַן, ווען דיזע טהעטיגקייט
הערט אויף, דאַן, ווען ער זעצט זיך צום טיש, געהט אין שענק,
אָדער לייגט זיך אין בעט, זיין 12-שעהדיגע אַרבייט האָט פֿאַר
איהם אַזינן נאָר וויא אַ פֿאַרדינסט, וואָס גיט איהם די מעגליכקייט
צו עסען, בעזוכען אַשענק אָדער שלאָפֿען. אויב דעם זייד-ווערימעל,
וואָלט איים גיקומען צו שפּינען נאָר צוליעב דעם, אום צום פֿער-

בריינגען דעם גאַנצען לעבען אין אַ געשטאַלט פֿון אַקוקאָלקע *), וואָלט ער פֿאָלקאָם געווען ענדליך צו אָגעדונגענעם אַרבייטער.

די אַרבייטס-קראַפֿט איז ניט אַלע מאָהל געווען אַסחורה, אין די אַרבייט, איז ניט שטענדיג געווען קיין געדונגענע אַרבייט, ד. ה. קיין פֿרייע. דער שקלאַף האָט ניט פֿערקויפֿט זיין אַרבייטס-קראַפֿט דעם שקלאַפֿען בעזיצער, אַקוראַט וויא דער אָקס פֿערקויפֿט איהר ניט דעם בויער. דעם שקלאַף האָט מען פֿערקויפֿט דעם בעל הבית איינמאָהל פֿאַר אַלע מאָהל, צוזאַמען מיט זיין אַרבייטס-קראַפֿט. ער איז געווען אַסחורה, וואָס האָט געקענט איבערגעהן פֿון האַנד צו האַנד. ער איז אַליין געווען אַסחורה, נאָר זיין אַרבייטס-קראַפֿט איז ניט געווען זיין סחורה. דער לייב-אייגענער פֿייער פֿאַרקויפֿט נאָר אַטהייל פֿון זיין אַרבייטס-קראַפֿט. ניט ער בעקומט אַבעלאהנונג פֿון דעם פריין, נאָר, פֿאַרקעהרט, דער ערד-פריין בעקומט פֿון איהם אַ אָפּצאָהלונג (שטייער).

דער לייב-אייגענער איז אַטייל פֿון דעם פּאָמעשציקס ערד און די פּראָדוקטען פֿון דער ערד גיט ער אָפּ איהר בעל-הבית. דער פֿרייער אַרבייטער אָבער פֿאַרקויפֿט זיך אַליין אין דערצו נאָך טהיילען-ווייז. ער פֿערקויפֿט 8, 10, 12 ו 15 שעה פֿון זיין לעבען טאָג-טעגליך, דעם, ווער עס וועט מעהר געבען, ער פֿערקויפֿט עס דעם אייגענטהימער פֿון רויהע מאַטעריאַל, אַרבייטס-געצייג און לעבענס מיטלען, ד. ה. דעם קאַפּיטאַליסט. דער אַרבייטער געהערט ניט צו קיין בעל הבית, ניט צו דער ערד, נאָר 8, 10, 12 ו 15 שעה פֿון זיין לעבען געהערען דעם, ווער עס האָט זיי געקויפֿט. דער אַרבייטער קען פֿאַרלאָזען דעם קאַפּיטאַליסט, אָן וועלכען ער האָט זיך פֿערדונגען, ווען נאָר ער וויל, און דער קאַפּיטאַליסט פֿון זיין זייט קען איהם אָפּזאָגען, ווען ער וויל, ווען ער ציהט שוין פֿון איהם ניט אַרויס קיין נוטץ, אָדער ער הערט אויף אַרויס צו ציהען די נוטץ, אויף וועלכע ער האָט פֿריהער אויסגערעכענט. נאָר דער אַרבייטער, פֿאַר וועלכען דער פֿערקויף פֿון זיין אַרבייטס-קראַפֿט איז די איינציגע קוועלע פֿיר זיין קיום, קען ניט. ניט אָבזאָגענדיג זיך פֿון זיין לעבען, אַוועק וואַרפֿען דעם גאַנצען קלאַסס קונים ד. ה. קאַפּיטאַליסטען. ער געהערט ניט דעם אָדער יענעם קאַפּיטאַליסט, נאָר דעם גאַנצען קלאַס קאַפּיטאַליסטען, אין געפֿינען פֿיר זיך צווישען דיזען קלאַס אַקויפֿער — דאַס איז שוין זיין זאַך. איידער מיר וועלען בעטראַכטען גענייער די בעציהונגען צווישען קאַפּיטאַל און געדונגענע אַרבייט, וועלען מיר אין קורצען בעריהרען די אַלגעמיינע בעדינגונגען,

---

*) אַקוקאָלקע־דאָס איז אַצושטאַנד, וועלכען דער ווערימל לעבט איבער אין זיין וואוקס און ענטוויקלונג. ביי דיזעם צושטאַנד קען ער זיך ניט ריהרען און איז אַזוי ווי אַיינגעשלעפערט. דער איבערז.

וועלכע שפילען אַראָליע ביי בעשטימונג פֿון דעם אַרבייטס=לאָהן. דער אַרבייטס-לאָהן איז, ווי מיר האָבען געזעהן מעהר ניט דער פרייז פֿון אַ בעשטימטע סחורה, דער פרייז פֿון דער אַרבייטס=קראַפֿט. דער אַרבייטס-לאָהן איז אַלזאָ אונטערגעוואָרפֿען די זעלבע געזעצען, וועלכע רעגולירען די פרייז פֿון יעדער אַנדער סחורה. פֿרעגט זיך: דורך וואָס זשע בעשטימט זיך דער פרייז פֿון אַסחורה?

## ח. דורך וואס ווערט בעשטימט דער פרייז פֿון א סחורה?

ער ווערט בעשטימט דורך דער קאָנקורענץ צווישען די קויפֿער און פֿערקויפֿער, דורך די פֿערהעלטניס צווישען די נאָכפֿראַגע און אָנבאָט. די קאָנקורענץ וואָס בעשטימט דעם פרייז פֿון די סחורה איז אַדריי-אַרטיגע קאָנקורענץ: איינע און דאָס זעלבע סחורה ווערט פֿאָרגעליגט פֿון עטליכע פֿאַרקויפֿער. דער פֿון זיי, וועלכער פֿערקויפֿט וועלוועלער פֿון אַלעמען די סחורות פֿון זעלבען אַרט, קען גיעכער פֿון אַלעמען האָפֿען אַרויסצושטופען אַנדערע פֿאַרקויפֿער, און פֿערזיכערען זיך דעם גרעסטען פֿעקויף. אויף אַזאַ אופֿן רייסען זיך די פֿערקייפֿער איינער מיט דעם אַנדערען פֿאַר דעם פֿערקויף, פֿאַר דעם מאַרק. יעדער פֿון זיי שטרעבט צו פֿאַרקויפֿען וואָס מעהר און ווי וויית מעגליך אָהן קאָנקורענטען. דעריבער פֿערקויפֿט איינער וועלוועלער פֿון דעם 2-טען. עס ענשטעהט אַקאָנקורענץ צווישען די פֿאַרקויפֿער, צוליב וועלכע עס לאָזען זיך אַראָב די פרייזען פֿון די פֿאָרגעלייגטע סחורות. די קאָנקורענץ אָבער ענשטעהט אויך צווישען די קונים און דאָס ווידער הויבט אויף די פרייזען פֿון סחורות. אַם ענדע איז אויך פֿאַרהאַן אַקאָנקורענץ צווישען די פֿאַרקויפֿער פֿון איין זייט און די קויפֿער פֿון אַנדער זייט: איינע ווילען וואָס טייערער פֿאַרקויפֿען, די צווייטע — וואָס וועלוועלער קויפֿען. דער פועל יוצא פֿון דער קאָנקורענץ היינגט אָב פֿון דעם ווי עס בעציהען זיך די ערשטע 2 פֿאָרמען קאָנקורענץ צווישען זיך, ד. ה. פֿון דעם, וואו זי איז שטאַרקער — צו אויפֿ'ן זייט פֿון די פֿערקויפער, אָדער אויפֿ'ן זייט פֿון די קייפֿער, די אינדוסטריע האָט אַוועקגעשטעלט איינע געגען די אַנדערע 2 אַרמעען, דער צו קומט פֿאַר אַקאַמפף אויך אין די רייהען פֿון יעדערען פֿון זיי. זיגען, פֿאַרשטעהט זיך, וועט די אַרמעע, אין וועלכער דער קאַמפף צווישען זיך גופא איז שוואַכער.

לאָמיר זיך פֿאָרשטעלען, אַז אויפֿ'ן מאַרק איז דאָ צו פֿער=קויפֿען 100 פעק וואָל, און קונים זיינען דאָ אויף 1000 פעק. אין דיעזען פֿאַל וועט די נאָכפֿראַגע זיין אין 10 מאָהל מעהר וויא דער אָנבאָט. דעריבער וועט זיין זעהר שטאַרק די קאָנקורענץ צווישען די קויפֿער. יעדער פֿון זיי וועט זיך בעמיהען בעקומען וואָס מעהר פעק. אויב מעגליך, אפֿילו די גאַנצע 100. דאָס איז ניט קיין סברה גלאַט אין דער וועלט אריין: אין דער געשיכטע פֿון

האַנדעל קען מען געפֿינען אַזעלכע צייטען פֿון ניט גערעטענישען איוף בוימוואָהל, ווען עטליכע קאַפּיטאַליסטען פֿלעגען זיך פֿעראייניגען, אום צו פֿערהאַפּען ניט נאָר הונדערט פעק, נאָר דעם גאַנצען בוימוואָהל־זאַפּאַס. בכן, וועט אין דיזען פֿאַל יעדער קונה פֿאָרליגען אַ העכערען מקח, אום צו בעזייטיגען די איבעריגע. זעהענדיג דעם קאַמפּף אין דעם לאַגער פֿון די קונים און זיינענדיג איבערצייגט, אַז דער פֿערקויף פֿון אַלע 100 פעק איז פֿערזיכערט, וועלען די בוימוואָהל־פֿערקויפֿער ניט קאָנקורירען צווישען זיך און וועלען ניט אַראָפּלאָזען דעם מקח, בעת דער אַנדערער צד הערט ניט אויף צו העכערען דעם מקח. זיי בילדען אַ פֿעסטע פֿעראייניגטע גרופּפּע, און זייערע פֿאָדערונגען וואָלטען געוועזען גאָר אומבעגרענעצט ווען זיי וואָלט ניט געשטערט דאָס, וואַס דער אָנבאָט פֿון די איינגעשפּאַרטסטע קונים האָט דאָך אַ שיעור.

אַלזאָ, אויב דער אָנבאָט פֿון סחורה איז קלענער וויא די נאָכפֿראַגע אויף איהר איז די קאָנקורענץ צווישען די פֿערקויפֿער זעהר שוואַך, אָדער זי איז זאָגאַר אין גאַנצען ניטאָ. וואָס מעהר עס פֿערקלענערט זיך די קאָנקורענץ צווישען די פֿערקויפֿער, וואַקסט אַלץ מעהר די קאָנקורענץ צווישען די קונים; דער פועל יוצא דערפֿון איז, אַז די מקחים פֿון די סחורות העכערען זיך מעהר אָדער ווייניגער. עס איז בעוואוסט, אַז אַ סך אָפֿטער בעגעגענט מען זיך מיט אַ פֿערקערטען צופֿאַל און מיט אַ פֿערקערטען סוף, מיט אַ בעדייטענד־גרעסערען אָנבאָט, איידער די נאָכפֿראַגע, מיט אַ פֿערצווייפֿעלטע קאָנקורענץ צווישען די פֿאַרקויפֿער, מיט אַ דוחק אין קויפֿער — און מען פֿאַרקויפֿט די סחורות בחנם.

נאָר וואָס דאַרף מען פֿערשטעהען אונטער דיא העכערונג אין דעם פֿאַלען פֿון די מקחים? וואָס איז דאָס אַזוינס אַ הויכער אָדער אַ נידריגער מקח? ווערענדיג בעטראַכט דורך אַ מיקראָסקאָפּ איז דאָך אַ זעמדעל אייך גרויס, און אין פֿערגלייך מיט אַ באַרג קומט דאָך דער העכסטער טהורם אויס נידעריג? אויב דער מקח ווערט בעשטימט דורך די בעציהונג פֿון נאָכפֿראַגע און אָנבאָט, טאָ דורך וואָס ווערט בעשטימט אָט די בעציהונג גופֿא?

לאָמיר זיך ווענדען צום ערשטען בעסטען בעל־הבית. ער וועט זיך אויף אַ מינוט ניט פֿאַרטראַכטען און וועט גלייך ענטפֿערען אויף די אויבען־געשטעלטע פֿראַגע, און וויא אַמאָל, אַלעקסאַנדר מוקדון, וועט ער מיט איין קלאַפּ צוהאַקען דיזען פֿערפּלאָנטערטען קניפּעל. „אויב די אויסאַרבייטונג פֿון די סחורה, וועלכע איך פֿערקויף, האָט מיר געקאָסט הונדערט מאַרק, וועט ער זאָגען, — און איך לייז אָב פֿאַר איהר 110 מ. איז דאָס אַ געוויינליכער און אָרענטליכער סוחרישער ריוח. אויב אָבער איך וועל אויסלייזען 120 אָדער 130 מאַרק, איז דאָס אַ גרויסער ריוח, און אויב איך וואָלט אויסלייזען

200 מאַרק, איז דאָס שוין אַ ריוה אַ אונגעוואוינליכער, פשוט אַ מוראָדיג גרויסער". מיט וואָס זשע מעסט דער בע"ב דעם ריוח? — מיט די הוצאות אויף אויסאַרבייטען די סהורה. אויב ער בעקומט פֿאַר זיין סהורה אַנדערע סהורות, וואָס זייער אויסאַרבייטונג האָט געקאָסט וועלוועלער, ליידעט ער היזק. בעקומט ער אָבער אַזעלכע סהורות, וואָס זייער אויסאַרבייטונג האָט געקאָסט טייערער, איז ער ביי רוה. סיי די העכערונג, סיי דעם פֿאַלען פֿון זיין ריוח — רעכענט ער אויס נאָך דעם, אויף וויפֿיל דער אויסבייטונגס=ווערטה פֿון זיין סהורה וועט זיין העכער אָדער ניעדעריגער פֿון די אויסאַרבייטונגס=הוצאות.

מיר האָבען געזעהען, דאָס די ענדערונג אין די מיט=בעציהונג צווישען די נאָכפֿראַגע און אָנבאָט ברייננט מיט אַמאָהל די העכערונג, אַמאָהל דאָס פֿאַלען פֿון די מקהים, דאָ הויכע, דאָ נידעריגע מקחים. אויב צוליעב דעם קליינעם אָנבאָט, אָדער צוליעב די ניט אין ערך אויסגעוואַקסענע נאָכפֿראַגע העכערט זיך דער מקח פֿון וועלכער ס'איז סהורה, דאַרף אין דער זעלבער צייט אַראָבלאָזען זיך אין אַ עהנליכער מאָס דער מקח פֿון וועלכע ס'איז אַנדערע סהורה, ווייל דער מקח פֿון אַ סחורה איז נאָר אַ געלד=אויסדריק פֿון דער פֿערהעלטניס, אין וועלכע די אָדער יענע סחורה ווערט אויסגעביטען אויף אַנ'אַנדער סחורה. ווען, למשל, דער פרייז פֿון אַ אַרשין זיידענס האָט זיך אויף געהויבען פֿון 5 מאַרק אויף 6, איז דער פרייז פֿון זילבער און אַלע אַנדערע סחורות, וועמענס פרייזען האָבען זיך ניט אומגעביטען, דאָך געפֿאַלען אַנטקעגען דעם מקח פֿון די זיידענס. כדי צו בעקומען אַזוי פֿיעל זייד ווי פֿריהער, קומט שוין איצט אויס צו געבען פֿאַר איהר מעהר אַנדערע סחורות. וואָס וועט אַרויסקומען דערפֿון, וואָס דער מקח פֿון דיעזער סחורה וועט זיך העכערען? אַ סך קאַפּיטאַל וועלען זיך אַ לאָז טהאָן צו די בליהענדע אינדוסטריע=צווייג, און דיעזע איינוואַנדערונג פֿון קאַפּיטאַל וועט דויערען ביז דער צייט, ביז וואַנען דיעזער מעהר=פֿערדינסטיגער פּראָדוקציאָנס=צווייג וועט ניט אָנהויבען געבען אַ געוויינליכען ריוח, אָדער ריכטיגער, ביז וואַנען דער מקח פֿון זיינע פּראָדוקטען וועט ניט פֿאַלען צוליעב דער איבערפּראָדוצירונג ביז די ריינע אויסאַרבייטונגס הוצאות.— אויב פֿערקעהרט, דער פרייז פֿון דער סחורה פֿאַלט נידריגער פֿון די בעטריבס=הוצאות, וועלען די קאַפּיטאַלען ווייכען פֿון דער פֿאַבריקאַציאָן פֿון דיזער סהורה. אויסער דעם פֿאַל, ווען אַ געוויסער אינדוסטריע=צווייג דאַרף אונטערגעהען אַלס אַ איים מאָדישער, (ניט צו דער צייט געשאַפֿענער), פֿיהרט דיעזע אויסוויכונג פֿון די קאַפּיטאַלען. צום פֿערקלענערען דאָס פּראָדוצירען פֿון דער סחורה, דאָס הייסט אויך צום פֿערקלענערען זיין אָנבאָט. דיזע בעוועגונג וועט זיך אָבשטעלען נאָר דאַן, ווען דער אָנבאָט וועט ווידער ווערען צוגעפּאַסט צו דער נאָכפֿראַגע און דער מקח פֿון דער סחורה וועט זיך ווייטער אויפֿהייבען

ביז די פראָדוקציאָנס=הוצאות, אָדער, ־יכטיגער געזאָגט, ווען די נאָכפראַגע וועט איבערשטייגען דעם אָנבאָט און דער מקח פון דער סחורה וועט זיין העכער פון די פראָדוקציאָנס-הוצאות, ווייל דער געוויינליכער מקח פון דער סחורה איז אַלע מאָל העכער אָדער נידריגער פון די פראָדוקציאָנס=הוצאות.

פון דעם איבערנאַרויסגעזאָגטען איז צו זעהן, אַז די קאַפּיטאַ־לען געהן שטענדיג איבער פון איין אינדוסטריע—צווייג אין דעם צווייטען. הויכע מקחים—ציהען צו צופיעל קאַפּיטאַלען, נידריגע שטופּען צופּיעל אָפּ פון זיך. און שטעלענדיג זיך אויף אַנ'אַנדער שטאַנדפונקט, וואָלטען מיר געקאָנט בעווייזען, דאָס ניט נאָר דער אָנבאָט, נאָר אויך די נאָכפראַגע ווערט בעשטימט דורך די פראָדוקציאָנס=הוצאות. נאָר דאָס וואָלט אונז פאַרפיהרט צו ווייט.

מיר האָבען נאָר וואָס געזעהען, אַז די בעוועגונג אין נאָכפראַגע און אַנבאָט ברייגגט שטענדיג דעם מקח פון דער סחורה ווידער צו די פראָדוקציאָנס-הוצאות. אמת, דער ווירקליכער מקח פון דער סחורה איז שטענדיג העכער אָדער נידעריגער פון די פראָדוקציאנס-הוצאות, נאָר אין לעצטען סך-הכל ווערען די העכערונג און פאַלונג אויסגעגליכט, אַזוי, אַז אין פערלויף פון אַ געוויסען משך צייט, וואָס נעמט אַרום דאָס בליהען און פאַלען פון דער אינדוסטריע, ווערען די סחורות אויסגעביטען אין הסכם מיט די פראָדוקציאָנס הוצאות, און דורך די פראָדוקציאָנס-הוצאות, ווערט אַלזאָ, בעשטימט דער פרייז פון די סחורות.

די בעשטימונג פון די מקחים דורך די פראָדוקציאָנס-הוצאות דאַרף מען ניט פערשטעהען, ווי עס פערשטעהען עס די עקאָנאָמיסטען. זיי זאָגען, אַז דער דורכשניטליכער פרייז פון דער סחורה איז גלייך צו די פראָדוקציאָנס=הוצאות, אַז אַזוי איז דער געזעץ. די אונאָרדנונג אין בעוועגונג פון די פרייזען, אין וועלכער דער שטייגען בייט זיך אום מיט אַ פאַלען און דאָס פאַלען—מיט אַ שטייגען, רעכענען זיי פאַר אַ צופעליגקייט. מיט דעם זעלבען רעכט האט מען געקענט האַלטען, אַזוי ווי דאָס האָבען טאַקי געטהאָן אַנדערע עקאָנאָמיסטען, דאָס בייטען פון די מקחים פאַר אַ געזעץ און די בעשטימונג פון די מקחים דורך די פראָדוקציאָנס-הוצאות פאַר אַ צופעליגקייט.

נאָר דוקא דיזע ענדערונגען, וואָס ברייגגען מיט זיך שרעקליכע הורבנות אין, וועלכע אַזוי ווי ערד ציטערנישען, צוטרייסלען די בורזשואַזע געזעלשאַפט אין איהרע עבטע יסודות, נאָר דיזע ענדערונגען, זאָגען מיר, גיבען די מעגליכקייט בעשטימען דעם מקח דורך די פראָדוקציאָנס-הוצאות. דער אַלגעמיינער גאַנג פון דיזער גענאָרדענטער בעוועגונג, אָט דאָס איז די געוואוינליכע אָרדנונג אין דער אינדוסטריעלער אונאָרדנונג, און אין דיזער קרייז-בעוועָ=

גונג גליכט די קאָנקורענץ כלומרשט אויס איין אונאָרמאַליטעט דורך דער אַנדערער.

אַלזאָ, דער מקח פֿון דער סחורה ווערט בעשטימט דורך איהרע פּראָדוקציאָנס-הוצאות אויף אַזאַ איפן, דאָס די צייט, ווען דער מקח פֿון דער סחורה שטעהט העכער פֿאַר די פּראָדוקציאָנס-הוצאות, ווערט איסגעגלייכט דורך דער צייט, ווען ער איז נידריגער פֿון זיי, און פֿאַרקעהרט. זעלבסטפֿערשטענדליך, אַז דיעזער מיינונג איז ריכטיג, נים נאָר בנוגע צו וועלכען עס איז איינצעלנעם פּראָדוקט פֿון דער אינדוסטריע, נאָר צו אַ גאַנצען צווייג פֿון איהר. דיעזער מיינונג האָט אַ בעדייטונג נים נאָר פֿאַר א איינצעלנעם קאַפּיטאַליסט, נאָר פֿאַר'ן גאַנצען קאַפּיטאַליסטישען קלאַס.

די בעשטימונג פֿון דעם מקח דורך די פּראָדוקציאָנס-הוצאות איז אַלץ איינס ווי זיין בעשטימונג דורך די אַרבייטס-צייט, וואָס איז נויטיג אויף פֿאַרטיג מאַכען די סחורה, ווייל די פּראָדוקציאָנס-הוצאות שטעלען זיך צונויף: ערשטענס, פֿון די רויהע מאַטעריאַלען און די אָבניצונג פֿון די געציג. ד. ה. פון די פּראָדוקטען, וועמענס צוגרייטונג האָט געפֿאָדערט עטליכע אַרבייטס-טעג, און וועלכע שטעלען דעריבער פֿאַר אַגעוויסע צאָהל אַרבייטס-צייט; צווייטענס פֿון דער אונמיטעלבאַר צום פּראָדוקט צוגעלייגטער אַרבייט, וועלכע ווערט אַליין געמאָסטען דורך דער צייט.

די זעלבע אַלגעמיינע געזעצען, פֿון וועלכע עס הייגען אָב די מקחים פֿון די סחורות, בעשטימען אויך דעם אַרבייטס-מקח — די אַרבייטס-לוין.

דער אַרבייטס-מקח שטייגט און פֿאַלט אָבהענגיג פֿון די בעציהונג צווישען דעם אָנבאָט און נאָכפֿראַגע און אויך אַבהענגיג פֿון דעם, ווי עס קומט פֿאָר די קאָנקורענץ פֿון די קויפֿער פון דער אַרבייטס-קראַפֿט — קאַפּיטאַליסטען, און איהרע פֿאַרקויפֿער — אַרבייטער. די ענדערונגען אין אַרבייטס-לוין שטימען אין אַלגעמיין מיט די ענדערונגען פֿון די סחורות-מקחים. אין דיעזע גרעניצען ווערט דער אַרבייטס-פּרייז בעשטימט דורך די פּראָדוקציאָנס-הוצאות, דורך די אַרבייטס-צייט, וואָס איז נויטיג אויף אויסצואַרבייטען דיזע סחורה, ד. ה. די אַרבייטס-קראַפֿט.

וואָס זשע זיינען דאָס פֿאַר פּראָדוקציאָנס-הוצאות פֿון דער אַרבייטס-קראַפֿט?

דאָס זיינען די הוצאות, וועלכע פֿאָדערען זיך אום צו פֿערהיטען דעם אַרבייטער, אַלס אַזעלכען, און ערציהען איהם אַלס אַנ'אַרבייטער.

דעריבער, וואָס ווייניגער צייט עס פֿאָדערט זיך אויף צו ערלערנען וועלכע ס'איז אַרט אַרבייט, אַלץ ווייניגער איז די פּראָדוקציאָנס-הוצאות פֿון אַרבייטער, אַלץ נידריגער איז דער מקח

פֿון זיין אַרבייט, זיין אַרבייטס־לוין. אין די אינדוסטריע-צווייגען וואו עס פֿאָדערט זיך גאָר ניט קיין פֿאַך־בילדונג און וואו עס פֿאָדערט זיך נאָר דעם אַרבייטער'ס פֿיזישע קראַפֿט, — בעגרענצען זיך דעם אַרבייטערס פּראָדוקציאָנס־הוצאות מיט די סחורות, וועלכע עס זיינען איהם נויטיג צום עקזיסטירען און אונטערהאַלטען זיין אַרבייטס־פֿעהיגען לעבען; זיין אַרבייטס־מקח ווערט דעריבער בעשטימט דורך דעם מקח פֿון די נויטיגע איהם לעבענס-מיטלען.

נאָר מען מוז האָבען אין זינען נאָך איין אומשטאַנד. דער פֿאַבריקאַנט, וואָס רעכענט אויס די פּראָדוקציאָנס־הוצאות און נאָך זיי נאָך—דעם מקח פֿון די פּראָדוקטען, האָט אויך אין זינען דאָס אָבניצען פֿון די געצייג. למשל, ווען די מאַשין, וואָס קאָסט איהם 1000 מאַרק, ניצט זיך אויס אין פֿערלויף פֿון 10 יאָהר, ווערט ער יעהרליך צוגעבען צו דעם מקח פֿון דער סחורה 100 מאַרק, כדי צו האָבען אין 10 יאָהר אַרום די מעגליכקייט פֿערבייטען די אויסגעניצטע מאַשין מיט אַנייע. פּונקט אַזוי דאַרפֿען אויך צו די הוצאות אויף איינפֿאַכע אַרבייטס-קראַפֿט צוגערעכענט ווערען די הוצאות אויף פֿאָרצווזעצען דעם דור, אַז דער אַרבייטער קלאַס זאָל זיין אומשטאַנד פֿאַרמעהרען זיך און פֿערבייטען אַלטע אַרבייטער מיט נייע. הייסט עס, די אָבניצונג פֿון אַרבייטער, מוז מען נעמען אין זינען פּונקט אַזוי, ווי די אָבניצונג פֿון מאַשין. בכן, זיינען די פּראָדוקציאָנס הוצאות אויף אַנ'איינפֿאַכע אַרבייטס־קראַפֿט גלייך צו די הוצאות, וואָס זיינען נויטיג פֿאַר דער עקסיסטענץ און פֿאַרזעצונג פֿונ'ם אַרבייטער-דור. און אָט דערמקח פֿון דיעזע הוצאות — דאָס איז די אַרבייטס־לוין.

אָט אַזאַ אַרבייטס-לוין רופֿט זיך אָן דער מינימום פֿון אַרבייטס־לוין. דיעזער מינימום, פּונקט ווי בכלל די מקחים, וואָס ווערען בעשטימט דורך די פּראָדוקציאָנס־הוצאות, האָט אַבעדייטונג ניט בנוגע צו איינצעלנע פּערזאָנען, נאָר בנוגע צום גאַנצען כלל. נאָר איינצעלנע אַרבייטער פֿון מיליאָנען בעקומען צו ווייניג, אום צו האָבען די מעגליכקייט עקזיסטירען און פֿערמעהרען זיך, אָבער דער אַרבייטס־לוין פֿון גאַנצען אַרבייטער-קלאַס קומט נאָך אַלע ענדערונגען צו דיעזען מינימום.

איצט, ווען מיר האָבען ערקלערט די פֿראַגע וועגען די אַלגעמיינע געזעצען, וואָס בעשטימען די אַרבייטס־לוין און בכלל די סחורה-פּרייזען, קענען מיר גענויער בעטראַכטען די פֿראַגע, וואָס אינטערעסירט אונז.

דער קאַפּיטאַל פֿון רויהע מאַטעריאַלען, געצייג און אַלערליי לעבענס־מיטלען, וואָס ווערען געברויכט, אום צו בעשאַפֿען נייע

רויהע מאטעריאלען, נייע געצייג און לעבענס=מיטלען. די אַלע טיילען, פֿון וועלכע עס שטעלט זיך צונויף דער קאפּיטאל זיינען בעשאפֿען געוואָרען דורך דער אַרבייט, זיינען פּראָדוקטען פֿון דער אַרבייט, זיינען אָנגעקליבענע אַרבייט. די אָנגעקליבענע אַרבייט, וואָס דינט אַלס מיטעל צום פּראָדוצירען פֿון דאָס ניי — אָט דאָס איז דער קאַפּיטאַל. אַזוי זאָגען די עקאָנאָמיסטען.

וואָס איז אַזוינס אַשקלאַף? אַנעגער, אַמענש פֿון דער שוואַרצע ראַסע. איין ערקלערונג איז ניט בעסער פֿאַר דער אַנדערער.

אַ נעגער איז אַ נעגער. נאָר ביי געוויסע בעדינגונגען ווערט ער אַשקלאַף. אַשפּין מאַשין, — איז אַמאַשין אויף שפּינען, און נאָר ביי געוויסע בעדינגונגען ווערט זי אַקאַפּיטאַל. אָהן דיעזע בעדינגונגען איז זי פּונקט אַזוי ניט קיין קאַפּיטאַל, ווי פּשוטע גאָלד איז ניט קיין געלד, אָדער צוקער איז ניט קיין פּרייז פֿון צוקער.

ביים פּראָדוצירען טרעטען די מענשען אַריין אין בעשטימטע בעציהונגען ניט נאָר מיט דער נאַטור, נאָר אויך איינע מיט די אַנדערע.

אום צו פּראָדוצירען דאַרפֿען זיי אַרבייטען צו=זאַמען און ווירקען איינע מיט די אַנדערע. דעריבער טרעטען זיי אַריין צוליעב די צוועקען פֿון דער פּראָדוקציאָן אין געוויסע בעציהונגען איינע מיט די אַנדערע, און נאָר אין די גרענעצען פֿון דיעזע געזעלשאַפֿטליכע בעציהונגען האָט איין אָרט זייער געמיינזאַמע ווירקונג אויף דער נאַטור, — ד. ה. זייער פּראָדוצירען. אַבהענגיג פֿון כאַראַקטער פֿון דיזע פּראָדוקציאָנס=מיטלען וועלען זיין פֿערשיידען די געזעלשאַפֿטליכע בעציהונגען פֿון די פּראָדוצירער, די בעדינגונגען פֿון ביימען זיך מיט זייער טהעטיגקייט און פֿון זייער אָנטייל אין דער פּראָדוקציאָן. מיט דער ערפֿינדונג פֿון נייע קריגס=געצייג, פֿון פֿייער־שיסענדע געוועהר, — האָט זיך אומגעביטען די גאַנצע אינערליכע אָרגאַניזאַציאָן פֿון דער אַרמעע, עס האָט זיך אומגעביטען די בעציהונג פֿון פֿערשידענע אַרמעען איינע צו די אַנדערע.

בכן, די געזעלשאַפֿטליכע פּראָדוקציאָנס=בעציהונגען ענדערן זיך אין איין צייט מיט דער ענדערונג און דער ענטוויקלונג פֿון די מאַטעריעלע פּראָדוקציאָנס-מיטלען, מיט דער ענדערונג פֿון די פּראָדוקטיווע קרעפֿטען. די סומע פּראָדוקציאָנס=בעציהונגען בילדעט דאָס, וואָס מען רופֿט „געזעלשאַפֿטליכע בעציהונגען", געזעלשאַפֿט, און בילדעט געזעלשאַפֿטען אויף אַבעשטימטער היסטאָרישער ענטוויקלונגס-שטופּע און מיט אַבעשטימטען אייגענארטיגען כאַראַקטער. די געזעלשאַפֿט פֿון אַלטערטהום. די פֿעאָדאַלע געזעלשאַפֿט און די בורזשואַזע געזעלשאַפֿט, יעדע פֿון זיי שטעלט פֿון זיך פֿאַר די סוממע פּראָדוקציאָנס=בעציהונגען, פֿון וועלכע יעדע

בעצייבענט אויך אין דער זעלבער צייט אַ בעזונדערע ענטוויקלונגס-שטופע אין דער מענשליכער געשיכטע. אין דער קאַפּיטאַל איז אויך אַגעזעלשאַפטליכע פּראָדוקציאָנס בעציהונג, ער איז אַבורזשואַזע בעציהונג ג̇ון דער פּראָדוקציאָן, אַ בעציהונג פון דער פּראָדוקציאָן אין דער בורזשואַזער געזעלשאַפט. צו זיינען דען די לעבענס-מיטלען, געצייג און רויהע מאַטעריאַל, פון וועלכע עס בעשטעהט דער קאַפּיטאַל, ניט בעשאַפען און אָנגעזאַמעלט געוואָרען ביי בעשטימטע געזעלשאַפטליכע בעציהונגען? צו דען פערברויכט מען זיי ניט אין דעם וויטערדיגען פּראָדוצירען אויך טאַקע ביי געוויסע געזעלשאַפטליכע בעציהונגען? צו פערוואַנדעלט דען ניט אויך דיעזער בעשטימטער געזעלשאַפטליכער כאַראַקטער אין קאַפּיטאַל אזוינע פּראָדוקטען, וואָס דינען צום וויטערדיגען פּראָדוצירען?

דער קאַפּיטאַל בעשטעהט ניט נאָר פון לעבענס-מיטלען, געצייג און רויהע מאַטעריאַל, ניט נאָר פון מאַטעריעלע פּראָדוקטען; ער בעשטעהט אויך פון אויסביטונגס ווערטהען. אַלע פּראָדוקטען, פון וועלכע ער בעשטעהט, זיינען אין דער זעלבער צייט אויך קאַפּיטאַל, דער קאַפּיטאַל, אַלזאָ, איז ניט נאָר אַסוממע פון מאַטעריעלע פּראָדוקטען, נאָר אויך אַסוממע פון סחורות, פון טויש-ווערטהען, מיט איין וואָרט, פון געזעלשאַפטליכע גרויסען. דער קאַפּיטאַל בלייבט פונקט אַזאַ, ווי ער איז געוועזען, אונאָבהענגיג פון דעם, צו ער בעשטעהט פון בוימוואָהל אָדער וואָהל, תבואה אָדער רייז, אייזענבאַהנען אָדער דאַמפפשיפען, אייב נאָר די מקחים פון די בוימוואָל, תבואה און אייזענבאַנען זיינען גלייך מיט די מקחים פון די וואָל, רייז און דאַמפּפשיפען. דער מאַטעריעלער באָדען פון קאַפּיטאַל קען אָן אַנ'איפהער זיך בייטען, נאָר דער קאַפּיטאַל גופא בלייבט דערביי אונגעענדערט. נאָר אייב יעדער קאַפּיטאַל איז אַסיממע פון סחורות ד. ה. טויש-ווערטהען, איז דאַן ניט יעדע סוממע פון סחורות, פון טייש-ווערטען — אַקאַפּיטאַל.

יעדע סוממע פון טייש-ווערטען איז אַליינאויך אַטויש-ווערטה. יעדען טויש-ווערטה קען מען בעטראַכטען, ווי אַסוממע פון טויש-ווערטען. למשל: אַשטוב. וואָס קאָסט 1000 מארק, איז אַטויש-ווערט פון 1000 מ. אַשטיקעל פּאַפּיר, וואָס קאָסט איין פפעניג, קען מען רעכענען פאַר אַסוממע טויש-ווערטען, פון $^{100}/_{100}$ פפעניג. די פּראָדוקטען, וואָס קענען אויסגעביטען ווערען אויף אַנדערע פּראָדוקטען, זיינען סחורות. די בעציהונג, און וועלכע עס קומט פאָר זייער טויש, אָט דאָס איז זייער טויש-ווערטה, אָדער, אויב די בעציהונג איז אויסגעדריקט אין געלד, איז דאס זייער מקח. די גרויס פון דיזע פּראָדוקטען האָט ניט קיין שייכות צו דעם, וואָס זיי זיינען סחורות, און צו דעם, וואָס זיי, אַלס אַזעלכע, האָבען אַטויש-ווערטה

אין מקח. סיי אַגרויסער בוים, סיי אַקליינער זיינען בוימער. צו דען דאָס אויסבייטען אָפּיד אַייזען אָדער אַזאָלאָטניק פון איהם אויף אַנדערע פּראָדוקטען, ענדערט איהם אַלס פּראָדוקט, ענדערט זיין כאַראַקטער, אַלס אַסחורה אָדער אַטויש=ווערטה? פון די גרויס אין צאָהל פון די פּראָדוקטען היינגט אָב נאָר דער גרעסערער אָדער דער קלענערער ווערטה זייערער און זייער מעהר אָדער וויניגער הויכער מקח.

נאָר מיט וואָס זשע פאַר אַנ'אופן ווערט פערוואַנדעלט אַגעוויסער צאָהל סחורה=טויש=ווערטען אין קאַפּיטאַל?

אַקאַפּיטאל ווערט עס דאַן, ווען אלס אזעלבסטשטענדיגע געזעלשאַפטליכע קראַפט, ד. ה. אַלס אַקראַפט, וואָס געפינט זיך אין די הענד פון אגעוויסען טהייל פון דער געזעלשאַפט, ווערט דאָס איינגעהיט און פאַרגרעסערט אדאנק דעם טויש אויף לעבעדיגע ארבייטס=קראַפט. די עקסיסטענץ פון אַ קלאַס, וואָס פערמעגט קיין זאך ניט, אויסער די ארבייטס פעהיגקייטען איז אַנויטיגע פאָרבעדינגונג פאר דאָס בילדונג פון קאַפּיטאַל.

נאָר צוליעב דער הערשונג פון דער אָנגעקליבענער, פריהער אויסגעגעבענער און פאַרקערפּערטער איבער די אונמיטעלבאר לע=בעדיגער ארבייט, ווערט די אָנגעקליבענע ארבייט פערוואַנדעלט אין קאַפּיטאַל.

דער עצם פון קאַפּיטאַל בעשטעהט ניט אין דעם, וואָס די אָנגעקליבענע ארבייט דיענט דער לעבעדיגער אַרבייט אלס אמיטעל צום ווייטערדיגען פּראָדוצירען, נאָר אין דעם, וואָס די לעבעדיגע ארבייט איז פאַר דעם אָנגעקליבענע ארבייט אַמיטעל איינצוהיטען און פערגרעסערען איהר טויש=ווערטה.

וואָס זשע פאסירט בייס טויש, וואָס קומט פאָר צווישען קאַפּיטאַליסט און געדינגענעם ארבייטער? אַנשטאָט זיין ארבייטס=קראַפט בעקומט דער ארבייטער די לעבענס מיטלען, און דער קאַפּיטאַליסט אנשטאָדט די לעבענס=מיטלען בעקומט די ארבייט, די פּראָדוקטיווע טהעטיגקייט פון אַרבייטער, די שאַפונגס=קראַפט, דורך וועלכער דער ארבייטער קערט אום ניט נאָר דאָס, וואָס ער האָט פאַרברויכט, נאָר גיט נאָך צו דעם אָנגעקליבענעם קאַפּיטאַל אגרעסערע ווערט, ווי ער האָט פריהער געהאַט.

אויף וואָס דאַרף דער ארבייטער די לעבענס=מיטלען, וועלכע ער בעקומט פון קאַפּיטאַליסט? אויף דעם אונמיטעלבארען פערברויך. נאָר ווען איך פאַרברויך די לעבענס=מיטלען, פערשווינדען זיי דאָך [illegible] אייביג, איך וועל פאַר דער צייט, און וועלכע די לעבענס=מיטלען האָבען אויף געהאלטען [illegible] לעבען, [illegible] מיט מיין ארבייט נייע ווערטען, וועלכע זאָלען פערבייטען די אויסגענוצטע. אָבער די בעשאַפענדע קראַפט האָט דער אַרבייטער

אָבגעגעבען דעם קאַפּיטאַליסט אָנשטאָט די בעקוּמענע לעבענס-מיטלען און, אויף אַזאַ אופן, האָט ער פֿערלאָרען די רעכט אַליין צו בענוצען זיך מיט איהר.

מיר וועלען דאָס ערקלערען מיט אַ ביישפּיל. אַ פֿערמער צאָהלט זיין טאָג אַרבייטער 50 פּפֿעניג אַ טאָג, פֿאַר די געלד בעאַרבייטעט דער לעצטער דעם פֿעלד אין אַ פֿערלויף פֿון אַ טאָג, און טראָגט איהם איין טעגליכע הכנסה פֿון 1 מאַרק. דער פֿערמער ניט נאָר ער בעקומט צוריק די ווערטען וועלכע ער האָט אָבגעגעבען דעם טאָג-אַרבייטער; נאָר ער בעקומט זיי נאָך דאָפּעלט, הייסט עס די 50 פּפֿעניג האָט ער פֿערבראַכט פּראָדוקטיוו. ער האָט געקויפֿט פֿאַר זיי דעם טאָג-אַרבייטערס אַרבייטס-קראַפֿט, וועלכע בעשאַפֿט פּראָדוקטען פֿון אַ דאָפּעלטען ווערטה, און פֿון 50 פּפֿעניג ווערט 1 מאַרק. דער טאָג-אַרבייטער, פֿערקערט, בעקומענדיג אָנשטאָט דער פּראָדוקטיווער קראַפֿט, וואָס ער האָט אָבגעגעבען דעם פֿערמער 50 פּפֿעניג, קויפֿט זיך פֿיר זיי לעבענס-מיטלען, וועלכע ער פֿערבראַכט אין אַ געוויסע צייט. בכן זיינען די 50 פּפֿעניג פֿערבראַכט געוואָרען אויף אַ צווייענדיגען אופן: פּראָדוקטיוו דורך דעם קאַפּיטאַל, ווייל זיי זיינען אויסגעביטען געוואָרען אויף אַן אַרבייטס-קראַפֿט, וואָס האָט בעשאַפֿען 1 מאַרק, און ניט פּראָדוקטיוו דורך דעם אַרבייטער, ווייל ער האָט זיי אויסגעביטען אויף לעבענס-מיטלען, וועלכע זיינען פֿערשוואונדען געוואָרען אויף אייביג, און וועמענס ווערטה ער קען ווידער בעשאַפֿען נאָר איבער׳חזר׳ענדיג דעם זעלבען בייט.

דער בעגריף וועגען קאַפּיטאַל מוז אונבעדינגט אַרויסרופֿען דעם בעגריף וועגען געדונגענער אַרבייט. דער בעגריף וועגען געדונגענער אַרבייט, פֿאָדערט דעם בעגריף וועגען קאַפּיטאַל. זיי בעדינגען איינע די אַנדערע, און איינע רופֿט אַרויס די ערשיינונג פֿון דער צווייטע.

צו דען פּראָדוצירט נאָר בוימוואָהל דער אַרבייטער פֿון ביימוואָהל-פֿאַבריק? ניין, ער פֿאַבריצירט קאַפּיטאַל. ער פּראָדוצירט ווערטהען, וועלכע געבען די מעגליכקייט ווידער צו בענוצען זיך מיט זיין אַרבייט און בעשאַפֿען דורך איהר נייע ווערטען. דער קאַפּיטאַל קען זיך פֿערגרעסערען נאָר ווערענדיג אויסגעביטען אויף אַרבייטס-קראַפֿט, נאָר אַרויסרופֿענדיג די עקזיסטענץ פֿון געדונגענער אַרבייט.

די אַרבייטס-קראַפֿט פֿון אַ געדונגענעם אַרבייטער קען נור דאַן אויסגעביטען ווערען אויף קאַפּיטאַל, ווען דערביי פֿערגרעסערט זי איך דעם קאַפּיטאַל און פֿערשטאַרקט בכן אַליין די הערשענדע מאַכט, וועלכע פֿערשקלאַפֿט איהר. די פֿערגרעסערונג פֿון קאַפּיטאַל בעדייטעט, דעריבער די פֿערגרעסערונג

פֿון פראָלעטאַריאַט, ד. ה. פֿון דעם אַרבייטער קלאַס.

אַרויסגעהענדיג פֿון דיזען שטאַנד=פונקט, טענה'ט די בורזשואַזיע און איהרע אידעאָלאָגען=עקאָנאָמיסטען, אַז די אינטערעסען פֿונ'ם קאַפּיטאַליסט און דעם אַרבייטער שטימען צווישען זיך. ווירקליך, דער אַרבייטער געהט אונטער, אויב דער קאַפּיטאַל גיט איהם ניט קיין בעשעפֿטיגונג. דער קאַפּיטאַל אָבער געהט אויך אונטער, אויב ער נוצט ניט קיין אַרבייטס=קראַפֿט, און אום אויסצונוצען איהר, דאַרף ער איהר קויפֿען. וואָס גיכער עס וואַקסט דער קאַפּיטאַל, וועלכער איז בעשטימט פֿיר דער פּראָדיקציאָן, וואָס מעהר עס בליהט די אינדוסטריע, וואָס רייכער עס ווערט די בורזשואַזיע, אַלץ מעהר אַרבייטער דאַרף האָבען דער קאַפּיטאַליסט און אַלץ טייערער פֿערקויפֿט זיך דער אַרבייטער.

בכן, די נויטיגע תנאים פֿיר דעם, אַז די לאַגע פֿון אַרבייטער זאָל נאָך זיין צו דערליידען, איז — וואָס אַגיכערער וואוקס פֿון פּראָדוקטיווען קאַפּיטאַל.

נאָר וואָס איז אַזוינס דער וואוקס פֿון פּראָדוקטיווען קאַפּיטאַל? דאָס איז די פֿערגרעסערטע הערשינג פֿון דער אָנגעקליבענער אַרבייט איבער דער לעבעדיגער אַרבייט, די פֿערגרעסערטע הערשונג פֿון דער בורזשואַזיע איבער'ן אַרבייטער-קלאַסס. די געדונגענע אַרבייט, בעשאַפֿענדיג אויף זיך אַהערשענדע פֿרעמדע רייכקייט, אַפֿיינדליכע קראַפֿט פֿיר זיך — דעם קאַפּיטאַל, בעקומט פֿינ'ם לעצטען לעבענסמיטלען מיט דעם תנאי אַז זי זאָל ווידער ווערען אַטהייל פֿון קאַפּיטאַל, ווידער ווערען אַכח פֿון זיין ווייטערדיגען וואַקסען.

דאָס בעהויפּטען, אַז די אינטערעסען פֿון קאַפּיטאַל און אַרבייט זיינען איינע און די זעלבע, איז ריכטיג נאָר אויף אַזוי פֿיעל, אויף וויפֿיעל דער קאַפּיטאַל און געדונגענע אַרבייט זיינען צוויי זייטען פֿון איינער און דער זעלבער בעציהונג. איינע פֿון זיי בעדינגט די אַנדערע פונקט, ווי עס בעדינגען איינע די אַנדערע די עקסיסטענץ פֿונ'ם פּראָצענטניק און די עקסיסטענץ פֿון דעם אויסברייינגער.

כל זמן דער געדונגענער אַרבייטער בלייבט אַגעדונגענער, הייננט זיין גורל אָפּ פֿון קאַפּיטאַל, — אָט אין וואָס בעשטעהט די בלומרשט'דיגע איינינקייט אין די אינטערעסען פֿונ'ם קאַפּיטאַליסט און דעם אַרבייטער.

מיט דעם וואוקס פֿונ'ם קאַפּיטאַל וואַקסט די געדונגענע אַרבייט, הייסט עס, עס וואַקסט אַזוי אויך די צאָהל פֿון געדונגענע אַרבייטער, מיט אַנדערע ווערטער, די הערשונג פֿון קאַפּיטאַל פֿערשפּרייט זיך אויף אַגרעסערע צאָהל מענשען. ביים גינסטיגען צופֿאַל וואַקסט מיט'ן וואוקס פֿון פּראָדוקטיווען קאַפּיטאַל

רויך די נאָכפֿראַגע אויף אַרבייט. דאַן העכערט זיך אויך דער מקח פֿון דער אַרבייט, די אַרבייטס-לוין.

אַ הויז — סיי אַקליינע, סיי אַגרויסע — בעפֿרידיגט די געזעלשאַפֿטליכע פֿאָדערונגען, וואָס מען פֿערלאַנגט פֿון אַ וואָהנונג, ביז וואַנען די אַרומיגע הייזער זיינען קליין. נאָר ווי נעבען דער קליינער הויז וואַקסט אויס אַ פּאַלאַץ, ווייזט שוין אויס די קליינע הויז ווי אַ הייזעל. זי בעווייזט, אַז איהר בעל-הבית קען ניט האָבען קיין תביעות אויף עפּעס בעסערס, און ווי זי זאָל זיך מיט דער צייט ניט אויסציהען אין דער הייך, וועט איהר איינוואוינער זיך פֿיהלען ניט בעפֿרידיגט און ערנידעריגט, אייב נאָר דער שכנות'דיגער פּאַלאַץ וועט אויס וואַקסען אין דער זעלבער אָדער אין נאָך אַגרעסערער מאָס. ווען עס בעמערקט זיך אַ קענטיגע פֿערגרעסערונג פֿון אַרבייטס-לוין, פֿערשטעהט זיך שוין במילא אַ גיכער וואַקסען פֿון פּראָדוקטיווען קאַפּיטאַל, און דער גיכער וואוקס פֿון פּראָדוקטיווען קאַפּיטאַל רופֿט אַרויס אויך פּונקט אַזאַ גיכען וואוקס פֿון רייכטהום, לוקסוס, העכערע געזעלשאַפֿטליכע בעדערפֿניסען און לעבענס-תענוגים. כאָטש די לעבענס-רחבות פֿון אַרבייטער זיינען אונטערגעוואַקסען, נאָר די בעפֿרידיגונג, וועלכע זיי גיבען, איז אינבעדייטענד אין פֿערגלייך מיט דעם אַרט לעבען פֿונ'ם קאַפּיטאַליס, וועלכער איז פֿיר דעם אַרבייטער בכלל ניט ערריכבאַר, און מיט דעם קולטורעלען צושטאַנד פֿון דער גאַנצער געזעלשאַפֿט. אונזערע בעדערפֿניסע און לעבענס-תענוגים האָבען זייער מקור אין דער געזעלשאַפֿט. דעריבער מעסטען מיר זיי אויס מיט דעם צושטאַנד פֿון דער געזעלשאַפֿט. זייער געזעלשאַפֿטליכער כאַראַקטער גיט זיי צו אַ פֿערהעלטניסמעסיגען כאַראַקטער.

בכלל, קען מען די אַרבייטס-לוין ניט בעשטימען דורך דעם צאָהל סחורות, וואָס מען בעקומט אַנשטאָט איהר. מען דאַרף נעמען אין אַכט אויך אַנדערע בעדינגונגען.

די אַרבייטער בעקומען פֿאַר זייער אַרבייט ניט דירעקט סחורות, נאָר אַ געוויסע סומע געלד. צו ווערט די אַרבייטס-לוין פֿאָלשטענדיג בעשטימט נאָר דורך דיזען געלד-מקח?

אין XVI יאָהר הונדערט איז בעדייטענד גרעסער געוואָרען די צאָהל גאָלד און זילבער, וואָס האָט זיך דאַן געפֿונען אין רשות פֿון אייראָפּאַ, אַדאַנק דער ענטדעקונג פֿון די רייכערע און גרינגערע צום בעאַרבייטען אַמעריקאַנער גאָלד-גרובען. דעריבער איז די ווערט פֿון גאָלד און זילבער געפֿאַלען אין פֿערגלייך מיט דעם ווערט פֿון אַנדערע סחורות. די אַרבייטער האָבען כסדר בעקומען פֿאַר זייער אַרבייטס-קראַפֿט די זעלבע מאָס געשטעמפּעלטע גאָלד און זילבער, וויא פֿריהער. דער געלד-מקח פֿון זייער אַרבייט האָט זיך אומגעביטען, און זייער אַרבייטס-לוין איז דאָך געפֿאַלען, ווייל פֿאַר

די זעלבע צאָהל גאָלד און זילבער האָבען זיי בעקומען אַקלענערען צאָהל סחורות. דאָס האָט געדינט אַלס איינער פֿון די אומשטענדען, וואָס האָבען מיטגעהאָלפֿען דעם וואוקס פֿון קאַפּיטאַל און דער ענטוויקלונג פֿון דער בורזשואַזער מאַכט אין XVIII יאָהר הינדערט.

לאָמיר נעמען אַן אַנדער פֿאַל. אין דעם ווינטער פֿון 1847=סטען יאָהר האָט זיך צוליב אַ ניטגערעטעניש בעדייטענד אויפגעהויבען די מקחים פֿון די נייטיגסטע עסענוואַרג, — ברויט, פּיטער, פֿלייש, קעז א. ז. וו. לאָמיר זיך פֿאָרשטעלען, אַז די אַרבייטער האָבען אַלין בעקומען פֿאַר זייער אַרבייטס=קראַפֿט אַזוי פֿיל געלד וויא פֿריהער; צו דען איז אין דיעזען פֿאַל ניט נידריגער געוואָרען זייער אַרבייטס=לוין? פֿאַרשטעהט זיך, אַז יע. פֿאַר די זעלבע געלד האָבען זיי דאָך בעקומען וויינינגער פֿלייש, ברויט א. ז. וו. זייער אַרבייטס=לוין איז געפֿאַלען ניט צוליעב דעם, וואָס עס איז נידריגער געוואָרען דער ווערטה פֿון זילבער, נאָר צוליב דעם, וואָס עס האָט געשטייגט דער ווערטה פֿון לעבענס-מיטלען.

לאָמיר זיך פֿאָרשטעלען, אַם ענדע, אַז אַלע פּראָדוקטען פֿון דער אינדוסטריע און פֿון ערד=אַרבייט, צוליעב דער איינפֿיהרונג פֿון נייע מאַשינען, צוליעב גינסטיגע קלימאַטישע בעדינגונגען א. ד. ג. זיינען געפֿאַלען אין מקח, און דער געלד=מקח פֿון דער אַרבייטס=קראַפֿט איז געבליבען דער זעלבער. די אַרבייטער האָבען איצט די מעגליכקייט פֿאַר די זעלבע געלד צו קויפֿען מעהר פערשיעדענע סחורות. זייער אַרבייטס-לוין האָט, בכן, געשטיגען נאָר צוליעב דעם, וואָס איהר געלד=ווערטה האָט זיך ניט געענדערט. הייסט עס, דער אַרבייטס=מקח, די נאָמינאַלע אַרבייטס=לוין פֿאַלט ניט צוזאַמען מיט די רעאַלע אַרבייטס=לוין, ד. ה. מיט די צאָהל סחורות, וועלכע מען קען אין דער ווירקליכקייט בעקומען פֿיר די אַרבייטס-לוין. דעריבער, ווען מיר ריידען וועגען די העכערונג אָדער דעם פֿאַלען פֿון אַרבייטס=לוין, דאַרפֿען מיר נעמען אין אַכט ניט נאָר דעם געלד מקח פֿון דער אַרבייט, די נאָמינאַלע אַרבייטס=לוין אַליין.

ניט די נאָמינאַלע אַרבייטס=לוין, ד. ה. די סומע געלד, פֿיר וועלכע דער אַרבייטער פֿערקויפֿט זיך דעם קאַפּיטאַליסט, ניט די רעאַלע אַרבייטס=לוין, ד. ה. דער צאָהל סחורות וועלכע דער אַרבייטער קען בעקומען פֿיר דיעזע געלד, — דאָס זיינען נאָך ניט די אַללע בעדינגונגען, וועלכע בעשטימען די אַרבייטס-לוין. פֿריהער פֿאַר אַלץ איז ווייכטיג די בעציהונג פֿון אַרבייטס=לוין צום ריוח, צום פֿערדינסט פֿון קאַפּיטאַליסט — די זאָגענאַנטע פֿערהעלטניס=מעסיגע אַרבייטס=לוין. די רעעלע אַרבייטס=לוין דריקט אויס די בעציהונג פֿון דעם אַרבייטס=מקח צו די מקחים פֿון פֿון אַנדערע סחורות; די פֿערהעלטניסמעסיגע אַרבייטס=לוין, פֿערקעהרט, דריקט אויס די בעציהונג פֿון דעם טייל לעבעדיגער

צו דעם ווידער=בעשאַפֿענעם-ווערט, צו דעם טייל אָנגעקליבענער אַרבייט, ד. ה, צו דעם קאַפּיטאַל.

מיר האָבען איבען געזאָגט, „דאָס דער אַרבייטס=לוין איז ניט דעם אַרבייטערס טייל פֿון דער סחורה, וועלכע ער האָט בעשאַפֿען. דער אַרבייטס=לוין איז אַ טייל פֿון דער שוין עקזיסטירענדער סחורה, פֿאַר וועלכע דער קאַפּיטאַליסט קייפֿט א בעשטימטע צאָהל פּראָדוקטיווע אַרבייטס=קראָפֿט.“ נאָר דיזער אַרבייטס=לוין דאַרף דעם קאַפּיטאַליסט זיך אומקעהרען פֿין דעם מקח, אויף וועלכען ער פֿערקויפֿט דעם פּראָדוקט, ווס איז בעשאַפֿען דורך דעם אַרבייטער, און דערביי דאַרף ער עס אומקערען אַזוי, אַז איהם זאָל נאָך איבער בלייבען עפּעס איבער די פּראָדוקציאָנס=הוצאות — אַ פֿערדינסט. דער מקח, נאָך וועלכען עס פֿערקויפֿט זיך דער בעשאַפֿענער פּראָדוקט, צופֿאַלט פֿאַר דעם קאַפּיטאַליסט אויף 3 טהיילען: די ערשטע געהט אויף אומקעהרען די קאָסטען פֿון די רויהע מאַטעריאַלען און אָבניצונג פֿון די מאַשינעס, אינסטרומענטען און אויך אַנדערע אַרבייטס=געצייג; די צווייטע קעהרט אום די אויסגעגעבענע אַרבייטס=לוין; די דריטע שטעלט מיט זיך פֿאַר אַ הוספה, — די פֿערדיענסט פֿון קאַפּיטאַליסט. בעת די ערשטע קעהרט אום די ווערטען, וואָס האָבען שוין עקזיסטירט פֿריהער, קומט פֿאַר די אומקעהרונג פֿון אַרבייטס=לוין און דעם קאַפּיטאַליסט'ס ריוח איוף דעם חשבון פֿון די נייע ווערטען, וועלכע דער אַרבייטער האט בעשאַפֿען דורך זיין אַרבייט און האָט צוגעגעבען צו די פּראָדוקציאָנס=הוצאות. דעריבער האָבען מיר דאָס רעכט אום צו האָבען די מעגליכקייט צו פֿערגלייכען די אַרבייטס=לוין און דעם פֿערדינסט, צו בעטראַכטען זיי אַלס טיילען פֿון פּראָדוקט, וואָס דער אַרבייטער האָט בעשאַפֿען.

די רעעלע אַרבייטס-לוין קען בלייבען דאָס זעלבע, אָדער אפֿילו וואַקסען און די פֿערהעלטנים=מעסיגע אַרבייטס=לוין קען דאָך אין דער זעלבער צייט פאַלען. למשל, לאָמיר זיך פֿאָרשטעלען, אַז אַלע לעבענס-מיטלען זיינען געפֿאַלען אין מקח אויף צווייא דריטלען, (2/3) און די טעגליכע אַרבייטס=לוין נאָר אויף איין דריטעל. (1/3), דהיינו פֿון 3 אויף 2 מאַרק. האָטש דער אַרבייטער קען בעקומען פֿיר די 2 מאַרק מעהר סחירות, ווייא פריהער פֿיר 3, פֿון דעסטוועגען האָט זיך אין פֿערגלייך מיט'ן קאַפּיטאַליסט'ס פֿערדינסט זיין אַרבייטס-לוין פֿערקלענערט. די פֿערדינסט פֿון קאַפּיטאַליסט (דהיינו פֿון פֿאַבריקאַנט), האָט זיך פֿערגרעסערט אויף 1 מאַרק, ד. ה, ער צאָהלט אויס דעם אַרבייטער אַ קלענערע צאָהל טויש=ווערטען, און פּראָדוצירען דאַרף דער אַרבייטער דאָך מעהר. דער חלק פֿון קאַפּיטאַל האָט זיך פֿאַרגרעסערט אַנטקעגען דעם חלק פֿון אַרבייט. די צוטהיילונג פֿון געזעלשאַפֿטליכער

דייכטהום צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט איז געוואָרען נאָך מעהר אונגלייכמעסיג. דער קאַפּיטאַליסט האָט אין זיין רש׳ת מיט די הילף פֿון דעם פֿריהערדיגען קאַפּיטאַל מעהר אַרבייט. די הערשאַפֿט פֿון קאַפּיטאַליסטען-קלאַסס איבער דעם אַרבייטער-קלאַסס איז אונטערגעוואַקסען. די געזעלשאַפֿטליכע לאַגע פֿון אַרבייטער איז ערגער געוואָרען, איז געוואָרען נאָך אויף איין שטופּע נידריגער געגען דעם קאַפּיטאַליסט׳ס לאַגע.

ווי זשע איז דער אַלגעמיינער געזעץ, וואָס רעגירט איבער די בעציהונג צווישען דעם פֿאַלען און שטייגען פֿון אַרבייטס-לוין און פֿערדינסט? זיי געפֿינען זיך אין אַ פֿערקערטער-פּראָפּאָרציאָנעלער אָבהייניגקייט. דער חלק פֿון קאַפּיטאַל — די פֿערדינסט וואַקסט אין דער זעלבער מאָס, אין וועלכער עס פֿאַלט. דער חלק פֿון אַרבייט — די אַרבייטס-לוין, און פֿערקעהרט. די פֿערדינסט פֿערגרעסערט זיך אין דער מאָס, אין וועלכער עס פֿאַלט דער אַרבייטס-לוין, און די פֿעדינסט פֿערקלענערט זיך אין דער זעלבער מאָס אין וועלכע עס פֿערגרעסערט זיך די אַרבייטס-לוין. מען קען אפשר ענטפֿערען, אַז דער קאַפּיטאַליסט קען פֿערדינען צוליעב אַ גינסטיגען טויש פֿון זיינע פּראָדוקטען, צוליעב די פֿערגרעסערונג פֿון דער נאָכפֿראַגע אויף זיין סחורה, צוליעב דער ענטדעקונג פֿון נייע מערק, אָדער דער פֿערברייטערונג פֿון די אַלטע א. ז. וו., און אַז אויף אַזאַ אופֿן קען דער ריוח פֿון קאַפּיטאַליסט וואַקסען צוליעב דעם, וואָס אַנדערע קאַפּיטאַליסטען האָבען היזק, אונאָבהייניגיג פֿון די ענדערונגען פֿון אַרבייטס-לוין, און דעם אויסבייטונגס-ווערטה פֿון דער אַרבייטס-קראַפֿט; אָדער די פֿערדינסט פֿון קאַפּיטאַליסט קען זיך פֿערגרעסערען צוליעב דער פֿערבעסערונג פֿון די געצייג, צוליעב דער בענוצונג פֿון נייע נאַטור-קרעפֿטען א. ד. ג.

נאָר אויך דאַן דאַרף מען דערלאָזען, אַז דער פּועל יוצא וועט זיין דער זעלבער, כאָטש ער וועט עררייכט ווערען דורך אַ פֿערקעהרטען וועג. אמת, די פֿערדינסט האָט זיך ניט פֿערגרעסערט צוליעב דעם, וואָס דער אַרבייטס-לוין איז געפֿאַלען, נאָר דער אַרבייטס-לוין איז געפֿאַלען צוליעב דעם, וואָס די פֿערדינסט האָט זיך פֿערגרעסערט. דער קאַפּיטאַליסט האָט בעקומען פֿיר די זעלבע צאָהל פֿרעמדע אַרבייט אַ גרעסערען צאָהל אויסבייטונגס-ווערטהען, ניט צאָהלענדיג דערביי טייערער פֿאַר די אַרבייט; אַלזאָ, די אַרבייטס-לוין אין פֿערגלייך מיט דעם ריינעם ריוח, וועלכ׳ די אַרבייט טראָגט איין דעם קאַפּיטאַליסט, איז געוואָרען וועלוועלער פֿון פֿריהער.

לאָמיר זיך אויך דערמאָנען, אַז ניט קוקענדיג אויף די ענ=

דערונגען אין די מקחים פֿון די סחורות, ווערט בעשטימט דער דורכשניטליכער מקח פֿון דער סחורה, די בעציהונג, אין וועלכע זי בייט זיך אויס אויף אַנדערע סחורות דורך איהרע פּראָדוקציאָנס־הוצאות. דעריבער גלייכען זיך אויס אין אַלגעמיין די נוצען, וואָס די קאַפּיטאַליסטען בעקומען אויפ'ן חשבון פֿון אַנדערע קאַפּיטאַליסטען. די אויסבעסערונג פֿון די מאַשינעס און די נייע מיטלען פּראָדוקטיוו אויסצונוצען די נאַטור־קרעפֿטען גיבען די מעגליכקייט צו בעשאַפֿען אין דער זעלבער אַרבייטס־צייט, דורך די הילף פֿון דער זעלבער אַרבייט און קאַפּיטאַל אַ גרעסערע צאָהל פּראָדוקטען, נאָר קיין מאָהל ניט קיין גרעסערע צאָהל אויסבייטונגס־ווערטהען. אויב איך וועל מיט דער הילף פֿון אַ שפּין־מאַשין פֿאַרטיג מאַכען אין אַ שעה אין 2 מאָהל מעהר פֿאָדעם, ווי מיט די הענד, דהיינו, 100 פֿונט, וועל איך פֿיר די *100* פֿונט ניט בעקומען מעהר, ווי פֿריהער פֿיר די *50*, ווייל די פּראָדוקציאָנס־הוצאות, זיינען קלענער געוואָרען אויף אַ העלפֿט, אין איך קען ביי די זעלבע הוצאות צוגרייטען אַ דאָפּעלטע צאָהל פּראָדוקטען.

אַם ענדע, וויא דער קלאַסס קאַפּיטאַליסטען, די בורזשואַזיע פֿון איין לאַנד, אָדער פֿון גאַנצען וועלט־מאַרק זאָל ניט צוטהיילען צווישען זיך די ריינע הכנסה פֿון דער פּראָדוקציאָן, וועט די אַלגעמיינע סוממע פֿון דער הכנסה דאָך זיין דאָס ווערטה, וועלכע די לעבעדיגע אַרבייט האָט צוגעגעבען צו דער אָנגעקליבענער. דיזע אַלגעמיינע סוממע פֿערגרעסערט זיך אין דער מאָס, אין וועלכער די אַרבייט פֿערגרעסערט דעם קאַפּיטאַל. ד. ה. אין וועלכער די פּערדינסט וואַקסט אויפ'ן חשבון פֿון אַרבייטס־לוין. אויף אַזאַ אופן, זעהען מיר, אַז אפילו אין דיזע גרענעצען פֿון די בעציהונגען צווישען דעם קאַפּיטאַל און געדונגענער אַרבייט זיינען די אינטערעסען פֿון דעם ערשטען און דעם לעצטען פונקט דער היפוך.

דער גיכער וואוקס פֿון קאַפּיטאַל איז גלייך צום גיכען וואוקס פֿון פֿערדינסט אָבער די פֿערדינסט קען נאָר דאַן וואַקסען גיך, ווען עס פֿאַלט גיך דער אַרבייטס־מקח, די פֿערהעלטניסמעסיגע אַרבייטס־לוין. די לעצטע קען אפֿילו פֿאַלען אין דעם פֿאַל, ווען, ווי די רעעלע, אַזוי אויך די נאָמינאַלע אַרבייטס־לוין, שטייגען, אָבער ניט אין אַזאַ שטופֿע, וויא די פֿערדינסט. אויב למשל אין די בליהונגס־פּעריאָדען פֿון דער אינדוסטריע איז די אַרבייטס־לוין געשטיגען אויף $5_0/^0$ און די פֿאַרדינסט אויף $30_0/^0$, האָט די פֿערהעלטניסמעסיגע אַרבייטס־לוין זיך ניט פֿערגרעסערט, נאָר פֿערקלענערט. אויב, אַלזאָ, ביי דעם גיכען וואוקס פֿון קאַפּיטאַל פֿערגרעסערט זיך אויך דעם אַרבייטערס הכנסה, פֿערגרעסערט זיך אין דער זעלבער צייט אויך דער געזעלשאַפֿטליכער תהום, וואָס טהיילט איהם אָפּ פֿון קאַפּיטאַליסט,

עס פֿערגרעסערט זיך די הערשאַפֿט פֿון קאַפּיטאַל איבער דער אַרבייט, די אַרבייטס-אָבהענגיקייט פֿון דעם קאַפּיטאַל.

אייב מען זאָגט, אַז דער אַרבייטער איז פֿעראינטערעסירט אין גיכען וואוקס פֿון קאַפּיטאַל, הייסט עס, אַז וואָס גיכער דער אַרבייטער וועט פֿערגרעסערען די פֿרעמדע רייכטהום, אַלץ מעהר פֿעטע ביינדלעך וועלען איהם אָנקומען, אַלץ מעהר אַרבייטער וועלען קענען זיין פֿאַרנומען, אַלץ שנעלער וועט זיך פֿאַרגרעסערען די צאָהל שקלאַפֿען, אָבהייניגע פֿונ'ם קאַפּיטאַל.

בכן, קענען מיר דערפֿון דרינגען פֿאָלגענדעס:

אפילו די גינסטיגסטע לאַגע פֿון דעם אַרבייטער-קלאַסס און דער שנעלסטער וואוקס פֿון קאַפּיטאַל, ווי זיי זאָלען דעם אַרבייטערס מאַטעריאַלע לאַגע ניט פֿערבעסערען, זיינען זיי דאָך ניט אימשטאַנד צו פֿערניכטען דעם געגענזאַץ צווישען זיינע אינטערעסען און די אינטערעסען פֿון דעם בורזשואַ — די אינטערעסען פֿון קאַפּיטאַליסט. צווישען דעם ריוח און אַרבייטס-לוין עקזיסטירט אַלץ אַ פֿערקעהרטע פּראָפּאָרציאָנעלע אָבהייניגקייט.

איף וויפֿיעל עס זאָל ניט שטייגען, ביים גיכען וואוקס פֿון קאַפּיטאַל די אַרבייטס-לוין, וועט דער וואוקס פֿון ריוח זיין אַלץ שנעלער. דעם אַרבייטערס מאַטעריעלע לאַגע פֿערבעסערט זיך אויפֿ'ן חשבון פֿון זיין געזעלשאַפֿטליבער לאַגע: עס ווערט ברייטער דער תהום, וואָס טהיילט איהם אָב פֿון קאַפּיטאַליסט.

און אַס ענדע, בעדייטעט אפילו דער אומשטאַנד, וואָס די גינסטיגע בעדינגונג פֿיר געדונגענע אַרבייט — איז דער גיכער וואוקס פֿון פּראָדוקטיווען קאַפּיטאַל נאָר דאָס, אַז וואָס מעהר דער אַרבייטער האָרעוועט צו פֿערמעהרען און פֿערגרעסערען זיין פֿיינדליכע מאַכט, די פֿרעמדע, איבער איהם הערשענדע רייכטום, אַלץ גינסטיגער זיינען די בעדינגונגען, ביי וועלכע איהם ערלויבט זיך צו האָרעווען, אום פֿון דאָס ניי צו פֿערגרעסערען די בורזשואַזע רייכטים, צו פֿערשטאַרקען די הערשאַפֿט פֿון קאַפּיטאַל, ד. ה. איהם ווערט ערלויבט צו שמידען די גאָלדערנע קייטען, אויף וועלכע די בורזשואַזיע פֿיהרט איהם נאָך זיך נאָך.

נאָר דער וואוקס פֿון פּראָדוקטיווען קאַפּיטאַל און די שטייגונג פֿון אַרבייטס-לוין זיינען דען אַזוי פֿעסט פֿערבונדען צווישען זיך, ווי דאָס בעהויפּטען די עקאָנאָמיסטען? מיר קענען זיי ניט גלויבען אויפֿ'ן וואָרט, מיר קענען אפילו זיי ניט גלויבען, אַז, וואָס גרעסער ס'איז דער קאַפּיטאַל, אַלץ בעסער שפּייזט ער זיינע שקלאַפֿען. די בורזשואַזיע איז גענוג געבילדעט און גענוג אויסגערעכענט, אום ניט צו האַלטען פֿון די אַבערגלויבערייען פֿון די פֿעאָדאַלען, וואָס פֿלעגען זיך אויספֿיינען מיט דער שענקייט פֿון זייערע דינער. די בעדינגונגען פֿון איהר עקזיסטענץ נויטען איהר צו זיין אויסגערעכענט.

דעריבער וועט אונז אויסקומען מיט אויפמערקזאמקייט אויסצופארשען די פראגע: ווי ווירקט דער וואוקס פון דעם פראָדוק־טיוועז קאפיטאל אויף דעם ארבייטס-לוין?

איבער די גאנצע סומע פון פראָדוקטיווען קאפיטאל וואקסט אין דער בורזשואזער געזעלשאפט, ווערט די אנקלייבונג פון דער ארבייט אסך פיעל־זייטיגער. עס פערגרעסערט זיך די צאָהל קאַ־פיטאליסטען און זייער רייכטהום. און די פערגרעסערונג פון די קאפיטאל'ען פערשטארקט די קאָנקורענץ צווישען די קאפיטאליסטען. דאס, וואס די גרויס פון קאפיטאל וואקסט, גיט די מעגליכקייט ארויס צו פיהרען אויפ'ן פלאץ פון דער אינדוסטריעל'ער מלחמה מעהר צאָהל רייכע און בעסער בעוואפענטע ארבייטער־ארמעען.

כדי א איינציגער קאפיטאליסט זאָל קענען ארויסשטופען זיין קאָנקורענץ פון די רייהען און בעהערשען זיין קאפיטאל, דארף ער פערקויפען וועלוועלער פון איהם. כדי צו פערקויפען וועלוועלער און דערביי ניט בדלות ווערען, דארף ער אויך פראָדוצירען וועל־וועלער, ד. ה. העכערען אויף וויפיעל ס'איז מעגליך די פראָדוק-טיוויטעט פון דער ארבייט. אָבער די העכערונג פון דער ארבייטס-פראָדוקטיוויטעט קען ערגייכט ווערען פריהער פון אלץ דורך אגרעסערער, און פערגלייך מיט דער פריהערדיגער, צוטהיילונג פון דער ארבייט, און דערנאָך דורך אפערשטארקטער איינפיהרונג און א שטענדיגער אויסבעסערונג פון די מאשינען. וואָס גרעסער ס'איז די ארבייטער-ארמעע, צווישען וועלכער עס איז צוטהיילט די ארבייט, וואס אין א גרעסערער מאָס ס'ווערט איינגעפיהרט די מאשינען־פראָדוקציאן, אלץ מעהר פערקלענערען זיך די פראָדוקציאָנס־הוצאות און אלץ פרוכטבארער און פראָדוקטיוועער ווערט די ארבייט. דעריבער קאָנקורירען די קאפיטאליסטען איינע מוט די אנדערע אין דעם זין, וואס זיי פערשטארקען די אויסנוצונג פון דער ארבייטס-צוטהיילונג אין די מאשינעס. נאָר ווען דער קאפיטאליסט, צוליעב א גרעסערע צוטהיילונג פון דער ארבייט, צוליעב דער איינפיהרונג און אויסבעסערונג פון נייע מאשינעס, דורך בעסערע מיטלען צו עקספלואטירען די נאטור-קרעפטען האט בעקומען די מעגליכקייט דורך דער זעלבער צאָהל לעבעדיגער אָדער אנגעקליבענער ארבייט צו בעשאפען א גרעסערע צאָהל סחורות, וויא זיינע קאָנקורענטען, דהיינו א'נ'ארשין לייווענד אין אזא ארבייטס-צייט, אין וועלכער אנדערע בעשאפען א האלבען ארשין, טא וויא וועט ער טהאָן ווייטער?

ער וואָלט געקענט ווייטער פערקויפען א 1/2 ארשין לייווענד נאָך דעם פריהערדיגען מארק־מקח, נאָר דאס וואָלט איהם ניט העלפען ארויס טרייבען פון מארק זיינע געגנער און פערגרעסערען זיין אייגענעם פערקויף. די פערברייטערונג פון זיין פראָדוקציאָן פאָדערט, אָבער דאָך אויך א גלייכע פערברייטערונג פון פערקויף.

די שטאַרקערע און טייערערע פראָדוקציאָנס=מיטלען, וועלכע ער דער ערשטער האָט אַיינגעפיהרט, ערלויבען איהם אפילו פערקויפען מעגליך מעהר, איננעהמען פיר זיי אַ בעדייטענד גרעסערען מאַרק; צוליעב דעם וועט ער פערקויפען וועלוועלער אַ האַלב אַרשין פון זיין לייוענד.

נאָר ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די פ ר אָ ד ו צ י ר ו נ ג פון 1 אַרשין לייוענד קאָסט אונזער קאַפּיטאַליסט ניט טייערער וויא אַנדערע קאַפּיטאַליסטען די פראָדוציררונג פון אַ האַלבען אַרשין, וועט ער דאָך ניט פאַרקויפען אַ גאַנצען אַרשין פאַר דעם זעלבען מקה, פאַר וועלכען זיינע קאָנקורענטען פאַרקויפען אַהאָלבען אַרשין אין אַזאַ פאַל וואָלט ער דאָך זיך אומגעקעהרט נאָר די פראָדוקציאָנס=הוצאות, נאָר ער וואָלט ניט בעקומען קיין איבעריגע פאַרדינסט. זיין גרעסערע הכנסה אין פערגלייך מיט אַנדערע פאַבריקאַנטען, וואָלט אַרויס געקומען פון דעם, וואָס ער האָט געלאָזען אין גאַנג, אַ גרעסערען קאַפּיטאַל, אָבער ניט פון דעם, וואָס זיין קאַפּיטאַל בילדעט גרעסערע ווערטען וויא אַנדערע קאַפּיטאַלען. איבער דעם, אום צו דערגרייכען זיין ציעל, איז איהם גענוג צו בעשטימען אַזוינע מקחים אויף זיינע סחורות, וועלכע זאָלען זיין אויף איניגע פראָצענטען נידעריגער פון די מקחים, פון זיינע קאָנקורענטען. דאַן צוקלאַפּט ער זיי און פערחאַפּט אַ טהייל פון זייער פערקויף מיט דעם, וואָס ער וואַרפט אַראָב זייערע מקחים. לאָמיר זיך דערמאָהנען אם ענדע אז דער דורכשניטליכער פרייז איז אלע מאָהל העכער אָדער נידריגער פאַר די פראָדוקציאָנס=הוצאות, אָבהענגיג פון דעם צו געפינט זיך אין אַ בעשטימטען מאָמענט די אינדוסטריע אין גוטע אָדער שלעכטע בעדינגונגען. אָבהיינגיג פון דעם, צו דער מאַרק=מקח פון 1 ארשין לייוענד איז העכער אָדער נידריגער פון די פראָדוקציאָנס=הוצאות, וועט זיך אויך בייטען דער פראָצענט פון דעם קאפּיטאליסט, וואָס האָט אַיינגעפירט נייע און פערדינסטי=גערע פראָדוקציאָנס-מיטלען.

נאָר אונזער קאפּיטאליסט וועט לאנג ניט האָבען אַזוינע פריווילעגיעס; די אונטערנעהמער וואָס קעמפפען מיט איהם, וועלען איינפיהרען פונקט אזוינע מאשינען און די זעלבע צוטהיילונג פון דער ארבייט, און דאָס אלץ אין דעם זעלבען, אויב ניט אין א גרעסערען מאסשטאב. די אַלע נייעסען וועלען ווערען גאָר וואָכעדיג, און סוף כל סוף וועט דער מקה פון לייוועגד זיין ניט נאָר נידעריגער פון די אַלטע פראָדוקציאָנס=הוצאות, נאָר אויך אפילו פון די נייע.

אויף אזא אופן קומען די קאפּיטאליסטען צו דער זעלבער לאגע, אין וועלכער זיי האָבען זיך געפונען ביז דאָס נייע אַיינפיה=רונג פון די נייע פראָדוקצאָינס=מיטלען און אויב מיט די הילף פון

די נייע מיטלען קענען זיי פֿאַר דעם פֿריהערדיגען מקח צושטעלען
אַ צווייענדיגע צאָהל פּראָדוקטען, זיינען זיי שוין אָבער איצט גע=
צוואונגען דעם צווייענדיגען פּראָדוקט צו פֿערקויפֿען וועלוועלער,
וויא פֿריהער. איצט ביי פֿערענדערטע פּראָדוקציאָנס הוצאות הויבט
זיך אַלץ אָן פֿון דאָס ניי: ס'הויבט זיך אָן נאָך אַ גרעסערע צו-
טהיילונג פֿון דער אַרבייט, אַנ'אַנפֿיהרונג פֿון נאָך אַ גרעסערער צאָהל
מאַשינען, אַ פֿערגרעסערונג פֿון דער אונטערנעהמינג, און אַ פֿלייסיגע
עקספּלואַטאַציע פֿון די נוצליכע זייטען פֿון דער ארבייטס-צוטהיילונג
און פֿון די מאַשינען. און די קאָנקורענץ אָבער רופֿט ווידער אַרויס
איהרע פֿאָלגען. בכן, זעהן מיר אַז סיי אין דעם אַרט, סיי אין
די מיטלען פֿון דער פּראָדוקציאָן קומט שטענדיג פֿאָר אַ איבער=
קעהרעניש, אַז די צוטהיילונג פֿון דער אַרבייט ציעהט
אונפערמיידליך נאָך זיך נאָך אַ גרעסערע אַרבייטס=
צוטהיילונג, און די איינפֿיהרונג פֿון נייע מאַשינען —
אַ פֿערשטאַרקטע איינפֿיהרונג; און דאָס פּראָדוצירען
אין אַ גרעסערער מאָס מאַכט אַלץ ברייטער און
גרעסער די פֿאָרמען פֿון דער פּראָדוקציאָן.
דיעזער געזעץ שטויסט שטענדיג אַרויס די בורזשואַזע פּראָ=
דוקציאָן פֿון איהר געוואוינליכען וועג און צווינגט דעם קאַפּיטאַל
אָנשטרענגען די גאַנצע פּראָדוקטיווע קראַפֿט פֿון דער אַרבייט, ווייל
זי האָט אַליין אויך העכסט אָנגעשטרענגט איהר קראַפֿט. דיעזער
געזעץ גיט ניט דער פּראָדוקציאָן קיין מינוט רוה און טרייבט איהר
נאָכאַנאַנד: פֿאָרוועררטס! פֿאָרוועררטס!
דאָס איז דער זעלבער געזעץ, וועלכער וואַרפט אַראָב די
סחורות — מקחים ביז די פּראָדוקציאָנס=הוצאות, אין די גרענצען
פֿוו די פעריאָדישע ענדערונגען און דער אינדוסטריע.
וויא גראַנדיעז עס זאָלען ניט זיין די פּראָדוקציאָנס=מיטלען,
וועלכע עס לייגט אַריין אין געשעפֿט אַנ'איינציגער קאַפּיטאַליסט,
וועלען זיי צוליעב דער קאָנקורענץ אין גיכען ווערען אַ מוז פֿאַר
אַלעמען, און פֿון דיעזער צייט וועט די איינציגע פֿאָלגע פֿון דער
גרעסערער פּראָדוקטיוויטעט פֿון זיין קאַפּיטאַל זיין דאָס, וואָס
ער וועט פֿאַר דעם זעלבען מקח דאַרפֿען צושטעלען אין 10,
20, 100 מאָהל מעהר פּראָדוקטען, וויא פֿריהער. נאָר אַזוי וויא
פֿערגרעסערענדיג די צאָהל פֿאַרקויפֿטע פּראָדוקטען, אום צו בע=
לאָהנען זיך פֿאַר די נידריגע מקחים מוז דער קאַפּיטאַליסט
פֿאַרגרעסערען דעם פֿערקויף אפֿשר אין טויזענד מאָהל, ווייל
אַ מאַססען=פֿערקויף איז איהם נויטיג ניט נור אום צו בעקומען
פֿערדינסט נאָר אויך אויף אומצוקעהרען זיך די פּראָדוקציאָנס-
הוצאות — מיר האָבען דאָך געזעהן, אַז די פּראָדוקציאָנס=געצייג
ווערען אַלץ טייערער — אין ווייל און אַזאַ לאַגע געפֿינען זיך אויך

זיינע קאָנקורענטען, פֿלאַקערט זיך יעדער מאָהל פֿונאַנדער דער קאַמפּף מיט אַלס אַגרעסערע קראַפֿט, וואָס פּראָדוקטיווער עס זיינען די שוין עקזיסטירענדע פּראָדוקציאָנס-מיטלען; דעריבער ווערען די צוטהיילונג פֿון דער אַרבייט און די איינפֿירונג פֿון מאַשינען אָנגענומען אַלץ אַ גרעסערען און אַ גרעסערען מאַסשטאַב.

ווי גרויס עס זאָל ניט זיין דער כח פֿון די נייע פּראָדוקציאָנס-מיטלען שטערט דאַן די קאָנקורענץ דעם קאַפּיטאַל צו בענוצען זיך מיט זייערע פֿרוכטען, אַראָפּוואַרפֿענדיג די סחורות־מקחים ביז די פּראָדוקציאָנס־הוצאות און אַרויסרופֿענדיג אַ וואָלוועלע פּראָדוקציאָן און אַביליגען פֿערקויף. אויף אַזאַ אופן האָט דער קאַפּיטאַליסט, ניט קוקענדיג אויף אַלע זיינע מאַטערניסען, זיך צו גאָרנישט דערשלאָגען, אויסער צו די נויטיגקייט צו בעשאַפֿען אין דער זעלבער צייט מעהר פּראָדוקטען, ד. ה. ער האָט זיך צו גאָר ניט דערשלאָגען, אויסער שווערע בעדינגונגען פֿאַר דאָס אויסנוצען פֿין זיין קאַפּיטאַל. ווייל די קאָנקורענץ מיט איהר געזעץ פֿון פּראָדוקציאָנס־הוצאות פֿערפֿאָלגט איהם די גאַנצע צייט און ווענדעט אָן געגען איהם די געווער, וועלכע ער האָט געגרייט פֿאַר זיינע קאָנקורענטען, בעמיהט ער זיך די גאַנצע צייט איבערצושטייגען די קאָנקורענץ, איינפֿיהרענדיג שטענדיג אָנשטאָט די אַלטע מאַשינען נייע, טייערערע און פּראָדוקטיווערע, און אַ נייע צוטהיילונג פֿין דער אַרבייט, אָנשטאָט דער אַלטער, ניט וואַרטענדיג אויף דעם מאָמענט ווען עס וועלען אַלט ווערען די פֿריהערדיגע.

לאָמיר זיך פֿאָרשטעלען אַז אַזאַ פֿיבערהאַפֿטע בעלעבונג הערשט אויף׳ן גאַנצען וועלט־מאַרק, און דאַן וועט ווערען פֿערשטענדליך, פֿאַר יואָס דער ויאוקס, די אָנקלייבונג און די קאָנצענטרירונג פֿון קאַפּיטאַלען ציהען נאָך זיך נאָך אַ שטענדיגע און אַ שנעלע צוטהיילונג פֿין דער אַרבייט, וואָס דערגרייכט מאַקע אַ גיגאַנטישער מאָס; אַנ׳איינפֿיהרונג פֿון נייע מאַשינען אין אַנ׳איבערבעסערונג פֿון די אַלטע.

נאָר ווי קען ווירקען אויפ׳ן אַרבייטס־לוין די אַלע ערשיינונגען וואָס בעגלייטען נויטווענדיג דעם וואוקס פֿון דעם פּראָדוקטיווען קאַפּיטאַל?

אַ גרעסערע צוטהיילונג פֿון דער אַרבייט גיט די מעגליכקייט 1 אַרבייטער ערפֿיעלען די אַרבייט פֿון 5. 10, 20 אַרבייטער אין פֿערגרעסערט דעריבער די קאָנקורענץ צווישען די אַרבייטער אין 5, 10, 20, מאָהל. די קאָנקורענץ צווישען די אַרבייטער בעשטעהט ניט נאָר אין דעם, וואָס איינער פֿערקויפֿט זיך וויעלוועלער פֿאַר דעם אַנדערען, נאָר אויך אין דעם וואָס איינער ערפֿילט די אַרבייט פֿין 5, 10, 20 מענשען און דער קאַפּיטאַל, איינפֿיהרענדיג אין

פֿערשטאַרקענדיג די צוטהיילונג פֿון דער אַרבייט, צווינגט די אַרבייטער קאָנקורירען איינעם דעם אַנדערען טאַקע אויף אַזאַ אופֿן.

ווייטער, וואָס מעהר עס פֿערגרעסערט זיך די צוטהיילונג פֿון דער אַרבייט, ווערט איינפֿאַכער די אַרבייט אַליין. די בעזונדערע פֿלינקייט פֿון דעם אַרבייטער ווערט אָן איהר בעדייטונג, דער אַרבייטער ווערט אַ איינפֿאַכע פּראָדוקטיווע קראַפֿט, וועלכע דאַרף ניט אַרויסווייזען ניט איהרע פֿיזישע, ניט גייסטליכע פֿעהיגקייטען. זיין אַרבייט קען יעדער איינציגער ערפֿילען.

צוליעב דעם לויפֿען אָן פֿון אַלע זייטען קאָנקורענטען; דערביי דאַרף מען געדיינקען, אַז וואָס גרינגער עס איז די אַרבייט, וואָס אַ קלענערען צוטריט זי פֿאָדערט, אַלץ וויניגער הייסט עס זיינען איהרע פּראָדוקציאָנס-הוצאות, אַלץ נידריגער פֿאַלט דער אַרבייטס-לוין, וועלכער, צוגלייך מיט דעם מקח פֿון יעדער אַנדער סחורה, ווערט בעשטימט דורך די פּראָדוקציאָנס-הוצאות.

בכן, די קאָנקורענץ שטאַרקט זיך, און דער אַרבייטס-לוין פֿאַלט אין דער זעלבער מאָס, אין וועלכע די אַרבייט ווערט מעהר אונבעקוועם און וויניגער צוציהענד.

דער אַרבייטער בעמיהט זיך איינצוהאַלטען די פֿריהערדיגע גרויס פֿון זיין לוין, פֿאַרגרעסערענדיג זיין אַרבייט, ד. ה. אַרבייטענדיג מעהר אָדער אויסאַרבייטענדיג אין 1 שעה מעהר פּראָדוקטען.

און אַזוי, ווערענדיג געטריבען דורך די נויט, פֿערשטאַרקט ער נאָך די שלעכטע פֿאָלגען פֿון דער אַרבייטס-צוטהיילונג. און דער פועל יוצא דערפֿון איז, אַז וואָס מעהר ער אַרבייט, אַלץ וועניגער פֿערדיענט ער צוליעב דער איינפֿאַכער סבה, וואָס ער קאָנקורירט אַלץ שטאַרקער מיט זיינע חברים, וועלכע הויבען אָן פֿאָרצולייגען זייער אַרבייט אויף די זעלבע תנאים, ווי ער. סוף כל סוף קאָנקורירט ער מיט זיך אַליין, ווי מיט אַ מיטגליעד פֿון דעם אַרבייטער-קלאַסס.

די מאַשינען-פּראָדוקציאָן רופֿט אַרויס דאָס זעלבע, נאָר אין אַ סך אַ גרעסערען מאַסשטאַב. זי בייט אויס געלערענטע (קוואַליפֿיצירטע) אַרבייטער, אויף ניט קיין געלערענטע, מענער אויף פֿרויען, דערוואַקסענע אויף קינדער. דאָרט וואו זי ווערט צום ערשטען איינגעפֿיהרט, וואַרפֿט זי אַרויס אויפ'ן גאַס מאַססענווייז האַנד-אַרבייטער און דאָרט ווי זי פּראָגרעסירט, ווי די מאַשינעס ווערען אַלץ מעהר פּראָדוקטיוו, דאָרט פֿערלירען די אַרבייטער די בעשעפֿטיגונג ביסלעכווייז און טהיילווייז. אויבען האָבען מיר קורץ געשילדערט דעם אינדוסטריעלען קריעג צווישען די קאַפּיטאַליסטען. דיעזער קריג צייכענט זיך אויס מיט דער אייגענשאַפֿט, וואָס די שטרייטען ווערען אין איהר געוואונען ניט דורך

די פֿערגרעסערונג נאָר דורך די פֿערקלענערונג פֿון דער אַרבייטער-אַרמעע, און די קריגס-העררען, די קאַפּיטאַליסטען, בעמיהען זיך אויסצופֿינען איינער פֿאַר דעם אַנדערען מיט די צאָהל ענטזאַגטע אינדוסטריעלע סאָלדאַטען.

די עקאָנאָמיסטען, אמת, דערצעהלען אונז, אַז די אַרבייטער, וואָס ווערען איבעריג צוליעב די מאַשינעס, געפֿינען זיך בלומרשט אַרבייט אין נייע צווייגען פֿון דער אינדוסטריע.

זיי דערוואַגען זיך ניט אָפֿען צו זאָגען, אַז אין די נייע צווייגען געפֿינען אַ בעשעפֿטיגונג טאַקע די אַרבייטער, וועלכע זיינען ענטזאַגט געוואָרען. די פֿאַקטען וואָלטען זיי באַלד געוויזען דעם ליגען. זיי זאָגען נור אַז פֿאַר אַנדערע טהיילען פֿון אַרבייטער קלאַסס, למשל, פֿאַר'ן יונגען דור, וואָס האָט זיך געגרייט אָנצוקומען אין די אונטערגעגאַנגענע פּראָדוקציאָן, וועלען זיך עפֿענען נייע מינים בעשעפֿטיגונגען. פֿערשטעהט זיך, אַז דאָס איז אַ נחמה, וועלכע די בורזשואַזיע האָט אויסגעקלערט גיבער פֿאַר זיך, איידער פֿאַר די אַרבייטער. עס וואָלט דאַן געווען שרעקליך, ווען די מאַשינען-פּראָדוקציאָן וואָלט פֿערניכטעט דעם גאַנצען קלאַסס געדונגענע אַרבייטער, ווייל אָהן געדונגענע אַרבייט הערט אויף דער קאַפּיטאַל צו זיין אַ קאַפּיטאַל!

נאָר לאָמיר זיך פֿאָרשטעלען אז סיי די אלע, וואָס זיינען אונמיטעלבאַר ארויסגעשטויסען געוואָרען דורכ'ן מאשין, סיי דער יונגער דור, וועלכער האָט געקלערט נעמען זיך פֿאר דיזע ארבייט, האָבען זיך געפֿונען א נייע בעשעפֿטיגונג. קען מען דען מיינען, אז זי וועט בעצאָהלט ווערען פונקט ווי די פֿריהערדיגע?

ניין, דאָס וואָלט ווידערגעשפּרעכט אלע געזעצען פֿון דער עקאָנאָמישער וויסענשאַפֿט. מיר האָבען שוין געזעהען די טענדענץ פֿון היינטיגער אינדוסטריע אומצובייטען די פֿיעל-פֿאַכיגערע און העכערע אַרבייט אויף איינפֿאַכערע און נידריגערע אַרבייט. די גאַנצע מאַססע אַרבייטער, וואָס זיינען אַרויסגעשטויסען געוואָרען דורך די מאַשין, פֿון וועלכער ס'איז אינדוסטריע-צווייג וועלען זיך אַלזאָ געפֿינען אַנ'אָרט אין אַנ'אַנדער בראַנזשע, וואו אָבער די אַרבייט ווערט שוין ערגער בעצאָהלט.

ווי אויף איין אויסנאַהם פֿון דעם כלל, פֿלעגט מען אָנווייזען אויף די אַרבייטער וועלכע זיינען פֿערנומען מיט'ן אויסאַרבייטען די מאַשינעס [אַליין. ווען די מאַשינען-פּראָדוקציאָן הויבט זיך אָן צו ענטוויקלען און דורכדרינגען אומעדום, דאַרף די צאָהל פֿון די צוגעגרייטע מאַשינען נאַטירליך זיך פֿערגרעסערען, און מיט דעם דאַרף זיך אויך פֿערגרעסערען די צאָהל פֿון די אַרבייטער, וואָס אַרבייטען

זיי אייס, אין וועלכע זיינען צו דעם די געלערנטסטע אינטעליגענטסטע אין זאָגאַר געבילדעטסטע שיכטען פֿון דעם אַרבייטער=קלאַסס.

אָנהויבענדיג אָבער פֿון 1840 יאָהר האָט דיעזער מיינונג, וועלכער איז שוין אויך פֿריהער געווען נאָר אויף אַ טהייל ריכטיג, גאָר אָנגעוואָהרען אונטער זיך יעדען באָדען. ביי דער צוגרייטונג פֿון מאַשינעס ווערען אויך בענוצט מאַשינען, אַזוי ווי ביי דעם פּראָדוצירען באַוועל, און אין פֿערגלייך מיט דיעזע קונציגע מאַשינעס ווערט פֿערדונקעלט די קענטעניס פֿון די געשיקטסטע אַרבייטער.

נאָר פֿיללייכט אָנשטאָט דעם 1 אָבגעזאָגטען אַרבייטער ווערט די פֿאַבריק דאַרפֿען אַ פֿרוי און דריי קינדער? נו איז וואָס? צו דען דער לוין פֿון מאַן דאַרף ניט סטאַ״ען אויך פֿאַר דער פֿרוי און קינדער? צו דען דאַרף דער מינימום פֿון אַרבייטס=לוין ניט זיין גענוג אויף אַיינצוהיטען און פֿערמעהרען די ראַסע? וואָס זשע בעווייזען די ליעבע בורזשואַזע רעדעס? נאָר דאָס, אַז איצט דאַרף מען האָבען אין 4 מאָהל מעהר אַרבייטער=לעבענס אויף אַיינצוהאַלטען אַיין הויז געזינד.

מיר רעזיומירען דאָס אויבענגעזאָגטע: וואָס שנעלער עס וואַקסט דער פּראָדוקטיווער קאַפּיטאַל, אַלץ מעהר פערשפּרייט זיך די אַרבייטס=צוטהיילונג און די איינפֿיהרונג פֿון מאַשינען, אַלץ שטאַרקער ווערט די קאָנקורענץ צווישען די אַרבייטער, אַלץ נידריגער פֿאַלט זייער לוין.

דערצו פֿערגרעסערט זיך נאָך דער אַרבייטער קל. סס דורך די העכערע שיכטען פון דער געזעלשאַפֿט; אַ מאַססע קליינע אונטערנעהמער אין קליינע ערד=אייגענטימער קומט אויס איבער=צוגעהן אין אַרבייטער קלאַסס, און גלייך מיט די אַרבייטער אויס-צוציהען די הענד נאָך אַרבייט. אויף אַזא אופֿן ווערט די צאַהל הענד, וואָס זיינען אויסגעצויגען נאָך אַרבייט אַלץ מעהר און די הענד אַליין — אַלץ דאַרער און מאָגערער. זעלבסט פערשטענדליך, אַז דער קליינער אונטערנעהמער קען ניט אויסהאַלטען דעם קאַמפּף, וועלכער פֿאָדערט די ערשטע זאַך אַ שטענדיגע פֿערברײטערונג פֿון דער פּראָדוקציאָן, ווייל דער צו מוז מען זיין אַ גרויסער, און ניט קיין קליינער אונטערנעהמער.

קיין ערקלערונג פֿאָדערט אויך ניט דאָס, אַז דער פּראָצענט פֿון קאַפּיטאַל ווערט קלענער אויף אַזוי פֿיעל, אויף ווי פֿיעל עס וואַקסט די צאָהל און די גרויס פֿון די קאַפּיטאַלען, אַז דעריבער איז דער קליינער ערד=אייגענטימער ניט אים שטאַנד צו לעבען פֿין זיין רענטע און ער מוז זיך נעמען פֿאַר וועלכער ס'איז אינדו=סטריעלער אונטערנעהמונג, מאַכענדיג פֿולער, אויף אַ״אַ אופֿן די

רייהען פון די קליינע אונטערנעהמער, ד. ה. די קאנדידאטען אויף פראלעטאריער.

אם ענדע, אין דער זעלבער מאס, אין וועלכע די קאפיטאליסטען, וואס זיינען געצוואונגען צו פערגרעסערען די עקספלואטאציע פון די ה. גאנטישע פראדוקציאנס-מיטלען, וואס געפינען זיך אין זייער רשות, ווענדען זיך אויף וויפיעל דאס איז מעגליך, צום קרעדיט, אין דער זעלבער מאס ווערען אפטער די אינדוסטריעלע קאטאסטראפען, פון וועלכע די האנדעלס-וועלט ראטעוועט זיך, נאר אפפערענדיג מיט א טהייל פון איהר רייכקייט, פראדוקטען און זאגאר פראדוקטיווע כחות. מיט איין וואָרט עס ווערען אפטער די קריזיסען. די קריזיסען ווערען אפטער און שטארקען זיך שוין דערפאר אליין, וואס מיט דעם וואוקס פון דער אלגעמיינער צאהל פראדוקטען, און מיט זיי אויך די בעדערפניסע אין פערברייטערונג פון דעם מארק, ווערט דער וועלט-מארק אלץ מעהר און מעהר פערקלענערט און אלץ וויניגער שטעלען זיך אפ נייע מערק, וועלכע קענען אויס גענוצט ווערען, ווייל יעדער פריהערדיגער קריזיס האט שוין אריינגעצויגען אין קעסעל-גרוב פונ'ם וועלט-האנדעל א וועלכען ס'איז גאר ניט אנגערירהטען אדער נאר א לייכט פערהאנטען האנדעלס-מארק. דער קאפיטאליסט אבער לעבט אויפ'ן חשבון ניט נאר פון דער ארבייט. אזוי ווי דער מיזרח'דיגער בארבארהערשער, פירט ער אוועק מיט זיך אין קבר די טרופען פון זיינע שקלאפען, גאנצע מחנות ארבייטער, וואס זיינען אונטער געגאנגען אין דער צייט פון קריזיסען. אין בכן, זעהן מיר פאלגענדעס.

ווען דער קאפיטאל וואקסט שנעל, וואקסט די קאנקורענץ צווישען די ארבייטער אסך שנעלער ד. ה. עס ווערט אלץ שווערער דעם ארבייטער-קלאסס געפינען פאר זיך א בעשעפטיגונג. קריגען לעבענס-מיטלען; און דאך איז דער גיכער וואוקס פון קאפיטאל די גינסטיגסטע בעדינגונג פאר דער געדונגענער ארבייט.

